№ 28.

צווייטער יאָהרגאַנג

# יודישע
# פאָלקס־צייטונג

8 Juli 1903. | פערלאג „פאָלקס־בילדונג" וואַרשא. | י"ג תמוז תרס"ג.

די רעדאקציע „יודישע פאלקס-צייטונג“ איז מודיע, אז זי איז צוגעטרעטען ארויסצוגעבען א זאמעל-בוך (סבארניק) פאר דעם פאלק מיט דעם נאמען

# „היל ף“

## די גאנצע הכנסה פון דעם סבארניק וועט

## געהן פאר די פאראומגליקטע יודען אין קישינוב.

אין דעם דאזיגען סבארניק וועלען אריינקומען זאכען פון די בעסטע שריפטשטעלער, וואס שרייבען זשארגאן אונ העברייאיש אונ אויך די וואס שרייבען אין אייראפייאישע שפראכען, וואס וועלען פון דער רעדאקציע איבערזעצט ווערען אין זשארגאן.

אויך וועלען אריינקומען אין דעם זאמעל-בוך **אילוסטראציעס פון בעריהמטע יודישע קינסטלער.**

ביז יעצט האבען זיך אנגערופען מיטצוארבייטען אין זאמעל-בוך „היל ף“: נישט יודישע שריפט-שטעלער: **לעוו טאלסטאי; מאקסים גארקי; וולאדימיר קאראלענקא; אנטאן טשעהאוו; עליזא ארזשעשקא; ראשעל חין; פראפעסאר באזשענאוו.**

יודישע שריפטשטעלער: **מענדעלי מוכר ספרים; שלום עליכם; דוד פרישמאנן; בן-עמי; עזרא גאלדין; מנשה מרגליות; אלעזר שולמאן; ד״ר מ. י. בערדיטשעווסקי; מרדכי בן הלל הכהן; ד״ר י. ליאקומאוויטש; מ. מ. הורוויץ; א. ד. ראזענטהאל; יעקב כהן; י. ח. ראבניצקי; יוסף יפה; דוד פינסקי; י. לערנער.**

די ווייטער צוגעקומענע שריפטשטעלער וועלען מיר מודיע זיין אין אונזער צייטונג.

**דער פרייז פון סבארניק איז 1 רובל מיט פארטא.**

דעם חשבון פון דער הכנסה מיט דער הוצאה פון סבארניק וועלען מיר אין דער צייט מודיע זיין אין אלע יודישע צייטונגען.

רעדאקציע „**יודישע פאלקס-צייטונג**“.

אבאנאמענטס־פרייז פאר רוסלאנד:
יעהרליך 4 רובל, האלב־יעהרליך 2 רובל
פיערטעל־יעהרליך 1 רובל.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם": יעהרליך 5 רובל; האלב־יעהרליך 3 רובל, פיערטעל־יעהרליך 1.50 רובל. יעהרליכע אבאנענטען קענען די 5 ר' אויסצאהלען אין ראטען: ביים אויסשרייבען 2 רובל, דעם 1־טען אפריל 1 רובל, 1־טען יולי 1 רובל און דעם 1־טען אקטאבער די לעצטע ראטע 1 רובל.
איינצעלנע נומערן 8 קאפ. 20 העלער.

פרייז פאר מודעות (אנצייגען):
פאר יעדער קליינע שורה פעטיט 15 קאפ. 30 העלער, 40 פעניג.
אויף די ערשטע זייטע פאר דעם טעקסט 80 קאפ. 60 העלער, 80 פעניג.

# יודישע
# פאלקס־צייטונג

א וואכענבלאט פאר אלע יודישע אינטערעסען.



די אדרעסע פאר רוסלאנד:
Издательство „Тушія" Варшава
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ"
מינדליך: נאוואליפקי 7, וואהנונג 9.

די אדרעסע פאר עסטרייך־אונגארן און אנדערע לענדער:
Administration
„Jüdische Volks-Zeitung"
Krakau, Sebastyangasse 32.

אבאנאמענטס־פרייז:
עסטרייך־אונגארן: יעהרליך 10 קראנען,
האלב־יעהרליך . . . . . 5 „
פיערטעל־יעהרליך . . . . 2.50 „
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 9 מארק.
אמעריקא, ענגלאנד יעהר. 8 שילינג 8 פענס.
אנדערע לענדער: יעהרליך 11 פראנק.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם": יעהרליך 12.50 קראנען; 11.25 מארק; 11 שילינג; 14 פראנק. האלביעהרליך 7.50 קראנען; 6.75 מארק 6.60 שילינג; 8.40 פראנק; פירטעליעהרליך 3.75 קראנען; 3.40 מארק; 3.30 שילינג; 7.29 פראנק.

ענדערן די אדרעסע קאסט 20 קאפ. 40 העלער.

8 Juli 1903. Nr. 28. י"ג תמוז תרס"ג.

## צו אונזערע געעהרטע אבאנענטען.

מיר דערמאנען די געעהרטע אבאנענטען, אז מיט

### דעם נומער 26

האט זיך געענדיגט דער אבאנאמענט פון די וואס האבען אויסגעשריבען די פאלקס־צייטונג נאר אויף איין האלב יאהר און בעטען אין דער צייט אריינשיקען דעם אבאנאמענטס פרייז: אויף א האלב יאהר 2 רובל; א פיערטעל יאהר 1 רובל.

אויך דערמאנען מיר די יעהרליכע אבאנענטען, וואס האבען אויסגעשריבען די צייטונג צוזאמען מיט דער פרעמיע, 4 בענדער פון אלע שלום עליכמ'ס ווערק, אויף ראטען, דארפען צום 1־טען יולי צושיקען

### די דריטע ראטע 1 רובל.

די ניט יעהרליכע אבאנענטען בעצאהלען פאר דער פרעמיע 4 בענדער פון שלום עליכמ'ס ווערק 2 רובל, אדער 50 קאפ' פאר יעדען באנד מיט פארטא.

מיר בעטען די יעהרליכע און ניט יעהרליכע אבאנענטען אריינצושיקען דעם ווייטערדיגען אבאנאמענטס פרייז ניט שפעטער פון 1־טען יולי, כדי מיר זאלען זיי קענען פינקטליך שיקען די ווייטערדיגע נומערן.

### די אדמיניסטראציע.

**אנמערקונג:** 1) מיר בעטען די אבאנענטען, אז ביים אריינשיקען דאס געלד זאלען זיי מודיע זיין יעדער זיין נומער פון באנדעראל. 2) אבאנענטען אויף דער „פאלקס־צייטונג" ווערען אנגענומען ניט ווייניגער ווי אויף א פיערטעל יאהר פון נומער 1; פון נומער 14; פון נומער 27 און פון נומער 40. 3) די „פרעמיע" אהן דער צייטונג פערקויפט זיך ניט.

## די עמיגראציע און דער ציוניזם.

(צום זעכסטען ציוניסטען־קאנגרעס).

א שווערע, פינסטערע צייט לעבט איבער דאס יודישע פאלק. דאס כלומר'שט רוהיגע, טעגליכע לעבען איז צעשטערט געווארען דורך דעם פלוצליכען אומגערעכטען אומגליק, וואס האט אונז געטראפען ווי א דונער אין א שענעם וועטער. אונזער הימעל איז אפילו ביז איצט אויך ניט אזוי קלאר געווען, קליינע וואלקענדלעך פלעגען זיך אויך ביז איצט פון צייט צו צייט בעווייזען אויף איהם, אבער אויף אזא שטורם האבען זיך ניט גערעכט ניט נאר מיר, נאר אויך די שונאים אונזערע, וואס האבען איהם ארויסגערופען.

אפילו אין אונזער געשיכטע איז קיין סך מאמענטען אזעלכע נישט דא שוין זייט הונדערטער יאהרען, און עס איז קיין וואונדער דעריבער, וואס דער קישינובער פאגראם האט אנגעריהרט אלע קלאסען פון פאלק. אזא מאמענט קאן ניט און טאר ניט אוועקגעהן אונבעמערקט, ער מוז אונז צו עטוואס פיהרען. אבער צו וואס? און אויף דעם קומט דער ענטפער: אדער צום גליק, אדער חלילה צום אומגליק.

ווען דער שטיין טרעפט דאס פאלק אין קאפ און עפענט איהם אויף דעם מארך, עס הייבט אן צו פארשטעהן זיין ביטערען שטאנד, עס עפענט אויף די אויגען צו זעהן אויף וואסער וועלט עס איז און דערזעהענדיג די גאנצע פינסטערניש פון זיין לעבען נעמט עס זוכען פאר זיך א צוקונפט, א זיכערען ארט, וואו עס זאל קאנען זיין בעשיצט פון אלע שלעכטע צופעלע, דאן קאן עס איהם פיהרען צום גליק, דאן קאן עס איהם וועקען צו זעלבסט־הילף, צו א מלחמה פאר זיין נאציאנאלען לעבען. ווען אבער דער אומגליק ברענגט דאס פאלק

פארצווייפלונג, ווען עס לאזט אב די הענט און איז זיך מיאש פון זיין הילף, אדער ווען פון נויט חאפט עס זיך אן אן א שטרוי, צו געפינען דורך איהר הילף, דענסטמאל איז עס פארן פאלק איין אומגליק, דאן ווערד א יודישער פאגראם, א פאגראם פון דעם יודישען געפיהל, פון דעם יודישען נאציאנאליזם, פון אלע זיינע נאציאנאלע האפנונגען.

דערווייל איז די נאציאנאלע פארטיי די איינציגע, וואס דער קישינובער פאגראם האט איהר נאך פעסטער איבערצייגט, אז כל זמן מיר געפינען זיך אויף דער ערד, וועלכע ענטהאלט אין זיך א וואולקאן־קראפט, וואס קאן יעדע מינוט ארויסשיסען מיט פעך און שוועבעל, זענען מיר נאך אלץ ניט זיכער מיט אונזער לעבען און מיר מוזען זיך זוכען א רוהיגען ווינקעל, וואו מיר זאלען זיין עטוואס געשיצט. ווייטער די ארטאדאקסישע מאסע איז נאך ווייט פון זעלבסטבעוואוסטזיין, זי האט זיך אביסעל אויסגעזיפצט אויפ'ן אומגליק און זיך אומגעקערט צוריק צו דעם תהלים־זאגען און צו די פארפוילטע דרשות פון די גאט'ס סטראפטשעס. די יוגענד, די אינטעליגענץ, האט זיך אנגעחאפט פאר א שטרוי און נאך איהר געהט נאך א טייל פון די ארבייטער־מאסע.

אבער די יודישע מאסע בכלל, וואס האט דירעקט אדער אינדירעקט געליטען פון פאגראם, קומט פראקטיש גאר צו איין אנדער ענטשלוס. דאס לעבען אין בעסאראביע איז איצט פאר'ן יודען נישט צו דערטראגען. די שנאה צום יודען איז אזוי שטארק איינגעווארצעלט ביי די איינוואהנער, אז מען איז ניט זיכער מיט פרנסה. ביז איצט האבען כמעט אלע בעסאראביער יודען געלעבט פון דארף: מען פלעגט אויפקויפען ווייגטרויבען אדער פירות ביי די פלאנטאטארען און מיט דעם האבען זיך בעשעפטיגט דאס גרעסטע טייל פון די שטעדטישע איינוואהנער. אז עס האבען געלעבט ווין און פרוכט־הענדלער — האבען אויך געצויגען חיונה בעלי־מלאכות, קרעמער, לעהרער און סתם הענדלער; היינט אבער, אז ווייזען זיך אויפ'ן דארף קאן דער דערשראקענער יוד ניט, און דערצו זענען די אמאליגע גרויסע סוחרים פארארימט געווארען, ליידען דערפון אלע יודען פון בעסאראביע. און לויט ווי עס שרייבען די פארשטעהער פון דעם פאלעסטינישען קאמיטעט אין קישינוב, איז דארטען געווארען אזא קריזיס, וועלכער לאזט זיך גאר ניט בעשרייבען. און דער יודישער מסחר איז דאך ווי א קייט צונויפגעשמיעדעט מיט דעם גאנצען האנדעל פון „טשערטא" — רופט זיך שוין אן דער קריזיס אויך אויף אנדערע שטעדט, וואס שטעהען אין א פארבינדונג מיט בעסאראביע.

אט צו וואס עס האבען געבראכט די „אונארדנונגען" אין איין שטאדט קישינוב אליין. דער סוף פון אזא קריזיס איז ווי געוואהנליך עמיגראציע: מען לויפט זוכען דאס גליק ערגעץ אנדערש.

און באלד, באלד וועט שטעהן פאר אונז איין אבשפיגלונג פון דער עמיגראציע אין די 80־ער יאהרען נאך מיט מעהר פרישקייט, און נאך מעהר אהן הילף ווי אין יענער אומגליקליכער צייט. איצט זענען ניטא יענע עמיגראציאנס־קאמיטעטען פון אליאנץ, וואס נאך זייער אלע אונארדנונגען, האבען זיי דאך עפיס געהאלפען; איצט איז ניט דא דער אויפריהר אין דער גאנצער וועלט, פונקט ווי אלע וואלטען יוצא געוועזן מיט די עטליכע רובל נדבות און ווייטער לויפט וואוהין איהר ווילט. איינינע האבען געפרובט איבערשמועסען מיט יק"א אין דער פרעסע, זי זאל גרינדען איין עמיגראציאנס־ביורא, יק"א ענפערט ניט, ווי איהר שטייגער איז — און גענוג.

צו וועמען זאל זיך ווענדען די עמיגרירענדע מאסע? זאל מען איהר לאזען אויף גאט'ס בעראט „בראדיען אין בראד?" זאל מען לאזען לויפען און פארגרעסערען דעם אומגליק אי דא, אי דארטען?

ניין, בפירוש ניין! מיר האבען איצט אזא נאציאנאלע גרינדונג, וואס מיר האבען דעמאלט ניט געהאט: מיר האבען צום ערשטען מאל א פאלקס־ארגאניזאציע, וואס דער ציוניזם האט בעשאפען, אין וועלכע עס געהען אריין קרעפטען פון פאלק, וואס ווילען און קענען ארבייטען, וואס אינטערעסירען זיך מיט דער פאלקס־לאגע.

---

# פעליעטאן.

## פעקלעך.

פון

## שלום־עליכם.

### פעקל נומער זעכס.*)

### מע טאר ניט זיין קיין גוטער.

— מע טאר ניט זיין קיין גוטער, הערט איהר וואס איך זאג אייך? מע טאר ניט זיין קיין גוטער! — איבער מיין גוטסקייט, איבער מיין ווייכען כאראקטער האב איך מיר אליין אנגעארבייט א חתונה, אויסגעהארעוועט איין אומגליק ביי זיך אין שטוב, צוויי אומגליקען! איהר מעגט דאס הארכען!

רצה הקדוש ברוך הוא, גאט האט מיך געוואלט מזכה זיין מיט א מצוה, האט ער מיר צוגעשיקט א יתומה מיט א יתום... גאט האט מיך געשטראפט, מיר נישט געגעבען קיין קינדער, האב איך מיר אליין גענומען, גענומען פרעמדע קינדער, זיי געטהאן גוטס, געמאכט פאר לייט; צאהלען זיי מיר איצטער מיט שטיינער. קודם דארף מען אייך דערצייהלען פון דער יתומה, פון וואנען האט זיך צו מיר גענומען א יתומה? איז אזוי די מעשה, מיין ווייב האט געהאט אמאל א שוועסטער, א יונגערע, פעריל האט זי געהייסען, איז זי געוועזן, פעריל הייסט דאס, וואס זאל איך אייך זאגען, איין פאר־שוין אין דער וועלט, זיי זענען אלע שענע, דאס הייסט מיין ווייב איז נאך היינט אויך א שענע יודינע, פאר זייער שענקייט פלעגט מען זיי נעמען ווי זיי שטעהען און געהען, אפגילטען, בין איך אייך ניט אויסען, אז זי האט חתונה געהאט, די שוועגערין מיינע, האט מען געזאגט, אז זי האט געטראפען א שמאלץ־גרוב, א גליק וואס טרעפט זיך איינמאל אין הונדערט יאהר, א גביר'יש קינד, וואס האט בעדארפט ירש'נען א זיידען א גביר און א טאטען א גביר און א פעטער א „בעזדיטניק" א גביר — פון אלע זייטען גבירים — א גליק, בין איך אייך ניט אויסען, איז אבער דער חסרון, וואס דער יונגערמאן אליין איז געוועזן א דער רוח ווייסט וואס, דאס הייסט אזוי איז ער אפילו געוועזן א גאנץ פיינער יונגערמאן, נישט קיין נארישער יונגערמאן און נישט קיין גראבער יונג, און א גוטער מענש א צונג־לאוטער, א פרייליכער, נאר וואס דען? א שארלאטושקע, לאז ער מיר מוחל זיין, ער איז שוין אויף דער אמת'ער וועלט, דהיינו וואס הייסט א שארלאטושקע? ער האט ליב געהאט א קערטל, אבער ווי אזוי מיינט

*) זעה פאלקס־צייטונג „ערשטער יאהרגאנג".

צו דער ארגאניזאציע ווענדען מיר זיך, פון איהר האבען מיר דאס רעכט צו פאדערען, זי זאל אויפ'ן קאנגרעס ניט נאר וויינען אויפ'ן פאלקס-אומגליק, נאר אויך עפּיס טון פאר איהם. זי איז די איינציגע וואס איז אימשטאנד עפּיס צו טון, ווייל אין איהר געפינען זיך אונזערע בעסטע קרעפטען.

אויב מיר זאלען קוקען אויף די עמיגראציע פון דעם נאציאנא־לען און עקאנאמישען שטאנדפונקט, געפינען מיר, אז קיין צוקונפט פאר אונז קאן זי נישט האבען. ווי באלד, אז די גאנצע עמיגראציע מוז זיך קאנצענטרירען אין איין ארט, אמעריקא, וואו די פאדערונג אויף ארבייט איז זאגאר גרויס, אבער דער מארק איז שוין פארפולט, די צאהל פון די ארבייטער דערגרייכט דעם העכסטען ציפער, קאן נאך א קורצע צייט אריבער און דארטען וועט ווערען אזא עקאנאמישער קריזיס, וואס קאן נאר זיין ביי א שטארקע קאנקורענץ. דערנאך געוואהנליך, אז עס ווערד שלעכט, פארמאכט מען די גרענעץ. אין אמעריקא איז שוין האלב פארמאכט און עס איז שוין אזא פראיעקט פאראן אפילו אין ענגלאנד, וועלכער וועט מסתמא סוף כל סוף אנגענומען ווערען און דאס יודישע פאלק, וואס איז ניט זיכער, אז דער קישינובער פאגראם איז ניט איין אנהויב פון א גאנצע שורה פון אומגליקען, דאס יודישע פאלק, וואס האט שוין ברוך השם איינגעזעהן, אז עס קאן נישט האפען אויף גוטע הבטחות און שענע פראזען, וואס עס ווייסט, אז פראגרעס-שטיינער טוען אויך וועה, נאך שטארקער און נאך ביטערער, דאס פאלק קאן ניט אויסקלויבען פאר א צוקונפט-לאנד די מדינה, וואס קאן זיך היינט-מארגען פאר איהם פארמאכען.

היינט ווער רעדט פון נאציאנאלען שטאנדפונקט, ליידט דערפון געוויס דער יודישער גייסט. מיר זעהען פאקטיש, אז דאס יודענטום אין אמעריקא פאלט פון טאג צו טאג, גיט ווילענדיג אסימילירען זיך די יודישע געמיינדען, זיי פארגעסען אלדינגס, וואס איז ביי אונז הייליג. און אריבערטראגען די נאציאנאלע קולטור אין אמעריקא, מאכען דאס „ביזנעס-לאנד" פאר א קולטורנעם צענטרום, ווי ה' דובנאוו מיינט (וואסחאד № 25) איז א שווערער בטחון. קולטורא מיט „ביזנעס" איז גאר ניט קיין פאר.

נאר מיר קוקען ניט אויף די עמיגראציע ווי אויף א זאך, וואס האט א צוקונפט, נאר ווי אויף א הילף אויף דערווייל פאר די פאראומגליקטע פון לעצטען קריזיס. מיר מוזען נאך מיט מעהר ענערגיע ווי פריהער ארבייטען פאר אונזער צוקונפט אין ארץ־ישראל; און צו דער זעלבער צייט מוזען מיר אויך פארענפערען די „היינט-פראגע", וואס לאזט זיך ניט אבלעגען. דאס מוז אבער זיין פאר־זיכטיג, כדי מיר זאלען ניט פארגרעסערען דעם אומגליק, מיר מוזען איהם פארגרינגערען.

און די עמיגראציע קאן ברענגען צום אומגליק און קאן דעם ביטערען „היינט" נאך ביטערער מאכען, ווען זי זאל ניט זיין איינגע־ארדענט, ווען די עמיגראנטען זאלען לויפען אהן רעקאמענדאציע, אהן בעקאנטע, אהן א פלאן, ווען זיי זאלען זיך לאזען פיהרען פון די אגענטען און פון אלע בלוט-צאפערס, וואס בעניצען זיך מיט יענעמס אומגליק.

דאס דארף האבען דער נעכסטער ציוניסטישער קאנגרעס אין זינען, צו דעם דארף ער געפינען א מיטעל.

ווארום ווען אפילו „וואד-על-אריש" זאל זיין געקויפט, קאן מען דאך ניט תיכף אנהייבען די עמיגראציע אהין, מען מוז דאך פריהער איינארדנען דאס לאנד, בעארבייטען, איינפיהרען איין ארדנונג, און דערווייל מוז מען די עמיגראנטען ברענגען אויף איין ארט און העלפען זיי איינארדנען זיך אין די לענדער וואוהין זיי לויפען.

דער ציוניזם טאר ניט שאפען קיין עמיגראציע ערגעץ אנדערש נאר איינארדנען די עמיגראציע, וועלכע איז סיי ווי סיי דא, מוז ער, דאס איז זיין חוב.

---

איהר ליב געהאט? דאס חיות מיט דער נשמה! צוליב א קערטל וואלט ער אייך געגאנגען הונדערט ווערסט צופוס. תחלת איז געוועזן א „זעכס און זעכציג", א „יודישע אקע", א „סטוקעלקע", א „טערטל מערטל", צווישען איינגע איינמאל אין חודש אין די לאנגע ווינטער־ד'גע נעכט. נאכדעם האט זיך אנגעהויבען אפטער און אפטער מיט יונגע לייט, מיט ווייסע חברה'ניקעס, מיט וואו ערגיץ א שלאק. א פוסטע־פאסניק, א ליידיג געהער. און איהר זאלט וויסען זיין, אז דארט וואו א קערטל איז שוין אלטרינג, וואס אין דער קארט; ווער קוקט דעמאלט אויף א מנחה! ווער רעדט פון אהן א היטעל? פון חלול שבת? און כדומה אזעלכע זאכען, וואס זענען שייך צו יודישקייט? און וואו אויף צולהכעיס איז פעריל, מיין שוועגערין הייסט דאס, געוועזן א פרום ווייבל א כשר'ס און האט מסתמא נישט געקאנט ליידען זיינע שענע חפציות מיט זיינע געגג. איז זי געלי'גען טאג ווי נאכט מיט'ן פנים אין קישען און האט געוויינט אויף איהרע יאהר און טעג. אזוי לאנג ביז זי האט אנגעהויבען אונטער צו קרענקען, פריהער פאוואלינקע, נאכדעם שטארקער און שטארקער. וואס טויג אייך, פעריל איז גע־שטארבען, בין איך אייך ניט אויסען.

פעריל איז געשטארבען און האט געלאזט א קינד. א מיידל פון א יאהר זעכס — זיבען. דער מאן איז געוועזן ערגיץ אין אלדע שווארצע יאהר אין אדעס, ער האט זיך אריינגעלאזט אין דער שפיעל אזוי ווייט, אז ער האט געמאכט א חלק פון זיין געלד און פון זיין טאטענס געלד און פונ'ם ווייבס ירושה — א חלק עולם איז פון איהם געווארען. ס'איז נאר א סברה. אז ער האט זיך אריינגעכאפט ערגיץ אין א טורמע. נאכדעם האט ער זיך א צייט ארומגעשלייעט ערגיץ, בעקומען עפּיס א מאדנע קרענק און איז געשטארבען אין פרעמדע תכריכים. אט האט איהר אייך אויף א מינוט א סך הכל פון א געזינדל און אט אזוי איז ביי מיר פארבליבען זייער טעכטערל, א יתומה'לי נעביך, רייזעלי הייסט זי. איך האב זי גענומען צו זיך נאך קינדווייז, ווארום קיין קינ־ד'ר, פארשטעהט איהר מיך, האב איך ניט. גאט האט מיך געשטראפט. לאז זי זיין א קינד. וואלט געוועזן גוט. איז אבער דער חסרון וואס צו גוט טויג אויף כפרות! ביי איין אנדער פעטער וואלט אזא מיידל א יתומה געוואקסען אין קיך, געוועזן א הילף אין שטוב, געשטעלט דעם סאמאוואר, געבאלט א גאנג און דאס גלייכען. און ביי מיר איז זי גע־ווען פארעכענט פאר איין אייגען קינד, דאס אייגענע קליידל מיט די אייגענע שוך מיט'ן אייגענעם עסען וואס מיין ווייב. וואס איז שייך זאגען, ביי איין טיש גלייך מיט אונז. בין איך אייך ניט אויסען. שפעטער, אז די ראזינע רייזעלי האט אנגעהויבען אונטערוואקסען, האב איך זי אוועקגעגעבען לערנען צו א שרייבער. און פון דעם אמת קאן מען ניט אוועקגעהן — זי איז געוועזן א געראטען קינד. א שטילס, איין עהרליכס, א גוטס און א קלוגס און שען, שען ווי די גאנצע וועלט. איך האב

דער ציוניזם האט בעשאפען די ארגאניזאציע, וואס האט אנגעהענגער אין דער גאנצער וועלט און ממילא אויך אין די לענדער פון וואנען עס געהט און וואו עס קאנצענטרירט זיך די עמיגראציע, פאר וואס זאל מען נישט איינארדנען אינפארמאציאנס-ביוראס (ביוראס פון אויסקינפטען) פאר עמיגראציע אין רוסלאנד און אמעריקא? זאל מען שאפען אין רוסלאנד ביוראס, פון די ציוניסטישע ארבייטער אין די גרויסע שטעדט, וועלכע זאלען שטעהן אין פארבינדונג מיט די זעלבע ביוראס, וואס וועלען זיך געפינען אויף יענעם זייט ים, פון די אמעריקאנישע ציוניסטישע קאמיטעטען. די ביוראס דא וועלען האבען ידיעות איבער די מינים ארבייטער, וועלכע קאנען דארטען האבען ברויט, די תנאים ווי צו עמיגרירען, ווי די גרענעץ אריבער צו געהן. דער עמיגראנט בעקומט א רעקאמענדאציאנס-בריף צו יענעם ביורא אין אמעריקא, דעם לעצטען גיט מען אויך צו וויסען, ווען דער עמיגראנט איז ארויסגעפאהרען, זיי נעמען איהם איבער, זארגען פאר איהם די ערשטע צייט, לעהרנען איהם ווי זיך צו פיהרען, העלפען איהם זוכען ארבייט, און דער עמיגראנט אויף דעם אופן וועט זיך ניט פיהלען עלענד, ער וועט וויסען, אז דארטען ערווארטען איהם ברידער, וואס וועלען זארגען פאר איהם, וועלען איהם העלפען געפינען זיין ברויט.

אויסער די נוצען וואס דאס וועט ברענגען אונזערע אומגליקליכע ברידער, וועט עס אויך אנוועקשטעלען דעם ציוניזם אויף די העכסטע שטופע. דאן וועלען אלע זעהען, ווי וויכטיג עס איז די פאלקס-ארגאניזאציע און ווי גרויס איז איהר ווירקונג.

די פראגע מוז פארנעמען א וויכטיגען ארט צווישען די פראגען, וואס וועלען בעהאנדעלט ווערען אויפ'ן זעכסטען ציוניסטען-קאנגרעס.

טש.

---

# פאליטישע ענינים.

(די לאגע אין סערביע. קעניג פיאטער דער ערשטע, וואס זאגט מען אין אייראפא וועגען סערביע די צוקונפט פון דעם נייעם קעניג).

דאס סערבישע פאלק האט פאסירט איין אומגליק, עס איז פאר דער צייט געווארען א זעלבסט-שטענדיגע מלוכה. אמת עס האט נישט געקאנט מעהר אריבערטראגען דעם יאך פון די טערקען און בפרט אז דאס פאלק האט געוואוסט, אז עס האט אין אייראפא ווער עס זאל איהם העלפען זיך צו בעפרייען. אבער באלד ווערען א זעלבסטשטענדיגע מלוכה איז פאר איהם נאך צו פריה געוועזען. אזוי ווי דער קראנקער, וואס איז א צייט לאנג קראנק געוועזן, טאר נישט באלד ווי ער פיהלט זיך בעסער, אנהויבען צו פיהרען גרויסע געשעפטען, ער מוז ביז ער וועט אין גאנצען צוריק בעקומען זיינע אמאליגע כחות, זיינע געשעפטען אנטרויען א זיכערען מענשען, אזוי האט סערביע, באלד ווי זי איז בעפרייט געווארען פון טערקיי געדארפט שטעלען זיך אונטער דעם שוץ פון איין אייראפייאישע מלוכה ביז זי וועט אליין זיין אין שטאנד צו פיהרען א מלוכה. און דעריבער זעהען מיר, אז זייט סערביע האט זיך באפרייט פון טערקיי האט נאך קיין פירשט, קיין קעניג נישט אויסגעלעבט זיינע יאהרען בשלום. אדער מען האט איהם דערמארדעט אדער ער האט געמוזט אנטלויפען פון זיין לאנד. נישט ווייל עס זענען דא צוויי דינאסטיעס, צוויי פאמיליעס, וואס האבען פרעטענזיעס אויף דעם כסא המלוכה, איז אין סערביע מארדען א מלך פון די געוואהנליכע זאכען; אין פראנקרייך זענען דא מעהרערע די־נאסטיעס: די ארלעאנער, די בורבאנער און די באנאפארטיסטען. פון דעסטוועגען פאסירט דארטען נישט. מען זאל מארדען א מלך אדער א פרעזידענט. די סבה איז וואס דאס פאלק איז נאך נישט גענוג צייטיג צו זיין זעלבסטשטענדיג און דעריבער האט מילאן, דער פא־טער פון אלכסנדר געמוזט אוועק פון סערביע און איבער געבען בחייו די מלוכה צו זיין זוהן, און אלכסנדר האט געמוזט ווי זיין פאטער אלץ בייטען דאס מיניסטעריום און האט קיינמאל נישט געקאנט יוצא

---

זי באמת ליב געהאט ווי מיינס איין אייגען קינד, קינדער. ווייסט איהר דאך, וואכסען ווי פעטשעריצעס, איידער מע קוקט זיך ארום אהא — מע דארף שוין קלערען מכח חתונה מאכען, און ווי אויף צו להכעיס איז מיין פלימעניטשקע געוואכסען טאקי נאר ווי אויף הייוועז, הויך און שען און געזונט און איין אסאבע — א רויז! מיין ווייב האט איהר ביסלעכווייז אפגעלעגט אביסל. גרעט „פאוואלע", העמדער, ליילע־כער, ציכלעך; איך פון מיין זייט האב גאר אנדערש ניט גערעכענט ווי צו געבען איהר עטליכע הונדערט קערבלעך נדן אויך, און מע האט איהר אנגעהויבען רעדען שדוכים. ווע מען רעדט מען אזא מיידל א יתומה? אז קיין עלטערן האט זי ניט, א טאטען האט זי געהאט, קאו ער מיר מוחל זיין, עפיס ניט אזא פיינעם מענשען, און קיין טויזענטערס נדן קאן איך איהר ניט אנידערלעגען. בעדארף מען איהר געפינען איהר גלייכען, א יונגענמאן אזעלכען, וואס זאל איהר קאנען געבען ברויט. וואו זשע קריגט מען אזעלכס? אז קיין בעל־הבתישען שדוך קאן מען נישט גרייכען און קיין בעל מלאכה וויל איך ניט, זי איז דאך פארט מיינע א שטיקל אייגענע, מיין ווייב א שוועסטערס א מיידל, האט מיר גאט צו געשיקט א בחור'ל א פריקאשטשיק פון א יאהר עטליכע און צוואנציג, וואס פארדיענט שוין זעהר שען א קערבל און קלויבט א קערבל און האט שוין א קערבל. בקיצור איך האב א רעד געטהאן מיט'ן בחור — יא, סע געהט א נאנג, ווי איך בין א מענטש, זי איז איהם

ד'קא געפעלען. איך האב א רעד געטהאן מיט איהר — ווער? וואס? איין אייזערנע וואנט! וואס איז די מעשה? זי וויל איהם ניט און זי דארף איהם ניט און גענוג! ווער רעדן, זאג איך, וועט דיך נעמען, דעם באראן הירש איין אייניקעל? ענפערט די וואנד — אזוי ענפערט זי. קוקט אראפ און שוויינט. בין איך אייך ניט אויסען.

אצינד בעדארף איך אייך איבעררייסען אין מיטען דער מעשה און אייך דערציילען א נייע מעשה, וואס געהר זיך טאקי אן מיט יענער מעשה, דאס הייסט די מעשה און יענע מעשה זענען טאקי איין מעשה: איך האב געהאט אזוי גרוים ווי א יונגער'ן ברודער משה הערשיל, האט זיך מיט איהם געטראפען א מעשה, — ס'איז ביי מיר א מעשה מיט גאלע מעשיות, — ניט דא געדאכט ניט פאר קיין מענשען געדאכט, ער איז געוועזען א'ן מרחץ פרייטאג און האט זיך געוואלט אפ־גיסען מיט קאלט וואסער, האט ער געחאפט א שעפעל מיט זידיג וואסער און האט דאס איבערגעקעהרט אויפ'ן קאפ און האט זיך אפגעקאכט, און האט זיך געמוטשעט א טאג אכט און איז געשטארבען און האט איבערגעלאזט א ווייב מיט איין קינד א יונגעל פון א יאהר זעכס, פייס־הייסט ער. האט ניט געדויערט קיין האלב יאהר און מע האט איהר אנגעהויבען רעדען שדוכים. האט דאס מיך זעהר אנגענומען ביים הארצען און בין אוועקגעגאנגען צו איהר, צו מיין שוועגערין הייסט דאס, און זאג איהר: אויב דו ווילסט חתונה האבען גיב מיר אפ דאס קינד.

זיין פאר זיין פאלק. אמת אלכסנדר האט נישט געהאלטען זיין שבועה, אונ האט עובר געוועזען אויף די געזעצע פון דער קאנסטיטוציע. אבער דערפאר קומט נאך נישט, מען זאל בעפאלען אין מיטען דערנאכט אונ אויסמארדען אלעמען פון הויף. בולגאריע איז אויך נישט צופרידען געוועזען מיט איהר פירשט אלכסנדר פון באטענבערג, האט מען איהם ארויסגעשיקט פון לאנד. אבער נישט געמארדעט. פון די פארשידענע ידיעות, וואס די צייטונגען ברענגען פון בעלגראד, זעהט מען, אז דאס זענען נישט געוועזען בעפרייער פון פאלק. נאר פראסטע רוצחים, וואס, האפען, אז ביין נייעם קעניג וועלען זיי קענען אויספיהרען אלע זייערע פלענער, איינער פון די רוצחים איז טאקי געווארען קאמענדאנט פון בעלגראד. אבער צי וועלען זיי טאקי בלייבען אונבעשטראפט איז נאך א גרויסע שאלה.

נאר אויסגעפיהרט האבען די מערדער וואס זיי האבען געוואלט, קיין אברענאוויטש וועט שוין נישט זיין קיין מלך איבער די סערבען. מילאן האט אפילו געלאזען נאך א זוהן אונ א קליינע צאהל סערבען ווילען, אז ער זאל זיין דער הערשער אין לאנד, אבער דער נייער קאמענדאנט מ י ש י ט ש, וועלכער האט שוין בעפלעקט זיינע הענט מיט בלוט, וועט וויסען צו צווינגען די קליינע צאהל, זיי זאלען שווייגען. אויך די וואס ווילען, אז אין סערביע זאל ווערען רעפובליק וועלען אויך גאר נישט אויספיהרען אונ קעניג וועט זיין פיאטער קארא-געארגעוויטש.

די סקופטשינא האט איינשטימיג געוועהלט דעם פירשט פיאטער צום קעניג אונ די הארמאטען האבען געשאסען 101 מאל אונ דאס סערבישע פאלק שרייט „זשיוויא" אונ אנדערע פריידען-געשרייען אונ די הייזער פון שטאדט זענען אלע אויסגעפוצט מיט פלאגען אונ ביי נאכט מאכט מען אילומינאציעס. הכלל עס איז ששון ושמחה, אלע פרייען זיך מיט די מפלה פון דעם אלטען קעניג אונ מיט דעם אנ-קומען פון נייעם קעניג. אבער איז באמת די אויסווייניגסטע סימנים פון צופרידענהייט א ראיה, וואס עס טוט זיך אויך אינעווייניג ביין פאלק? איז דאס מעגליך, אז גאנץ סערביע האט אזוי פיינט געהאט זייער דער'הרג'עטען קעניג? האט גאר קיינער פון איהם קיין גוטס גע-נאסען? לויט ווי די צייטונגען שרייבען איז קעניג אלכסנדר געווע-זען א זעהר פעהיגער אונ זעהר גוטער מענש. עס איז קיין ספק נישט, אז אסך פון סערבישען פאלק טרויערט אויף זייער יונגען קעניג, וואס לכל הדעות האט ער געלעבט איין אומגליקליך לעבען, נאר די מורא פאר דעם שווערט, וואס שוועבט איצט איבער סערביע לאזט זיי נישט זייער טרויער אויסדריקען אונ מוזען ווייזען א פרייהליך פנים ווען דאס הארץ טרויערט.

אונ ווייסט שוין דאס סערבישע פאלק, אז דער נייער קעניג וועט בעסער זיין? פירשט פיאטער איז שוין 45 יאהר נישט געוועזען אין זיין לאנד, ער האט די גאנצע צייט געלעבט אין זשענעווא. ער זאגט צו זיין פאלק הרים וגבעות, ער וועט זיי געבען די זעלבע פרייהייטען וואס דאס שווייצישע פאלק האט. אודאי די תאוה צו טראגען א קרוין אויף דעם קאפ איז נאך שטארק אפילו ביי איין אלטען פירשט אונ זאגט דעריבער הייגט צו אלץ וואס מען פארלאנגט פון איהם. אבער צי וועט ער דאס קענען אויספיהרען? צי איז דאס סערבישע פאלק ראוי צו די אייגענע פרייהייט וואס דאס קולטורירטע שווייצישע פאלק? אט באלד ווי פיאטער בעשטייגט דעם טראן ליגט איהם שוין א שווערע שאלה אין וועג. דאס רוב אייראפייאישע מלוכות זענען שטארק נישט צופרידען מיט די רציחות אין סערביע. די ערשטע רעגירונג איז רוסלאנד, וואס האט בעשטימט טרויער אויף דעם סער-בישען קעניג, א סימן, אז זי רעכענט איהם נאך הייגט אלס קעניג אונ דעריבער פארלאנגט זי, מען זאל די מערדער שטרענג בעשטראפען. אויך ענגלאנד אונ איטאליע ווילען דאס אייגענע. די היינטיגע הערשער אבער אין סערביע ווילען דורכאוס, אז מען זאל די מערדערס מוחל זיין אונ נישט בעשטראפען אונ קעניג פיאטער ווייסט נישט וועמע צו פאלגען. האבען די אייראפייאישע מלוכות פאר שונאים וויל ער נישט, הגם זיי האבען נישט דאס רעכט זיך אריינצומישען אין סער-

האט זי זיך תחלת אביסל געברעקעלט. כלומר'שט ניט געוואלט הערען, ניט זעהען, אהער אהין. בקצור איך האב ביי איהר געפועל'ט, זי האט מיר דאס קינד געבראכט אונ אליין איז זי אוועק ערגיץ קיין פוילען, דארטען חתונה געהאט אונ מע זאגט, ס'איז איהר ניט שלעכט. מילא בין איך אייך ניט אויסען אונ רעד פונים קינד. האט מיך שוין הייסט דאס גאט געבענשט מיט א זוהן אויך. איך זאג מיט א זוהן, ווייל איך האב איהם טאקי צוגעשריבען צו זיך פאר א זוהן, אונ דאס יונגל איז דווקא א געראטען יונגל, אבער טאקי וואס געראטען הייסט. ער איז דאך מיינער א ברודערס א זוהן איז דאך ניט שייך, איך זאל איהם אייך לויבען; נאר איהר מעגט מיר גלויבען באמונות, אז נאך אזא פייסי וועט איהר נישט געפינען—איך וועל אייך ניט זאגען אין דער גאנצער וועלט, נאר ביי אונז אין שטאדט אונ נאך אין עטליכע שטעדט מיט עטליכע גובערניעס, אז איהר וועט אויספאהרען, געפינט איהר ניט דעם צווייטען, וואס אשטיינער-ווילט איהר? לערנען איז לערנען, שרייבען איז שרייבען, חשבונען איז חשבונען, אפשר ווילט איהר פראנצויז — רעדט ער אייך פראנצויז, טאמער ווילט איהר פידעל — שפיעלט ער אייך אויפ'ן פידעל. היינט איז ער קיין עין הרע א וואוקס אונ א פאר-שוין אונ א פיסק אונ... אונ... אונ... אז מע שמועסט א געראטענער איז דאך ניט שייך צו זאגען; אונ דערצו געב איך איהם נאך עטליכע טויזענט קערבלעך נדן אויך, ווארום ער איז דאך מיין ברודערס א קינד אונ מיינער א צוגעשריבענער, כמעט א זוהן הייסט דאס, אונ קיין נחות-דרנא ברוך השם איז ער אויך נישט—קו־קו־קומט איהם שוין עפיס א פיינע כלה, הא? וואס זאגט איהר? אודאי האט מען איהם געערדט די גרעסטע, די שענסטע שדוכים אין דער וועלט, אונ אודאי האב איך איבערגעקלויבען, וואס דען? עפיס אט אזוי א גיט מען אוועק אזא יונגאטש? מילא האט מען מיר אנגעשלאגען שדוכים פון דער גארער וועלט: פון קאמעניץ אונ פון יעליסאוועט אונ פון האמעל אונ פון לובען אונ פון מאהליוו וואס אין דער ליטא, אונ פון בארדיטשעוו אונ פון קאמינקע אונ פון בראר. מע האט מיך אפגעשאטען מיט נאלד; צעהן טויזענט אונ צוועלף טויזענט, אי'נ פינפצעהן טויזענט אונ אכצעהן טויזענט — איך האב ניט געוואוסט וואוהין איך זאל זיך ווארפען. האב איך מיך מישב געווען: וואס טויג מיר קריכען אין דער פרעמד? מי יודע וואוהין אונ צו וועמען? בעסער, ווי זאגט מען, א נאהנטער שוסטער איידער א ווייטער רב. פאראן ביי אונז אין שטאדט א יוד א נגיד, האט ער א מיידל א בת יחידה מיט שענע עטליכע טויזענט קערבלעך נדן, אונ דאס מיידל אליין איז אויך זעהר א פיין מיידל, אונ ווילען וויל מיך יענער, פאר וואס זאל דאס ניט זיין קיין שדוך? הא? ובפרט שדכנים זענען פאראן ביי אונז ברוך השם צוויי לויפען זיי ארום הין אונ צוריק, פון מיר צו יענעם אונ פון יענעם צו מיר אונ טרייבען האלז אונ נאקען ס'זאל שוין גיכער זיין, זיי האבען קיין צייט

בישע אינערליכע אינטערעסען, פונדעסטוועגען טויג איהם כלל נישט צו האבען זיי געגען זיך. האבען די שווערט־מענשען פאר שונאים וויל ער נאך וועניגער נישט, דען מיט זיי קאן מען לאנג קיין פאליטיק נישט שפיעלען, זיי מאכען א קורצען משפט, בעפאלען דעם שלאס און מארדען דעם קעניג. זיין א קעניג אין אזא לאגע איז נישט פון די בעסטע זאכען און פיאטער דער ערשטע פיהלט זיך נישט זיכער אויף זיין שטול. ריבטינ האט בעמערקט א רוסישע צייטונג: „ארויף צו געהן אויף א שטול, וואס איז בעשפריצט מיט בלוט איז א סכנה, עס איז גליציג און מען קאן לייכט פאלען.

---

## די לאגע אין סערביע.

— די „נאווי וור". שרייבט מען פון בעלגראד, אז קעניג אלכסנדר האט בסוד אונטערהאנדעלט מיט עסטרייך, צו מאכען סערביע פאר איין עסטרייכישע פראווינץ און דערפאר האט זיך עסטרייך מתחייב געווען צו שטיצען די רעגירונג פון אלכסנדר. געוויס האבען די ידיעה אויסגעטראכט די וואס האבען בעגאנגען די רציחה.

— פאלקאווניק מישיץ (איינער פון די הויפט־מערדער אין בעלגראד) איז געווארען דער קאמאנדאט פון דער שטאדט בעלגראד. דערויף האבען איינינע קאנסולען פון די אייראפייאישע רעגירונגען פראטעסטירט. דער נייער קאמענדאנט האט זיך, ווי די צייטונגען שרייבען, כדי דעם נייעם קעניג נישט צו לעגען קיין שוועריגקייטען, אליין גענומען דאס לעבען.

— עס איז ארויס א קלאנג, אז די סערבישע סאלדאטען האבען בשעת די רציחה אין קעניגליכען שלאס צוגע׳גנב׳עט איינינע טייערע זאכען, אויך בריליאנטען און דימאנטען און אנדער צירונג, פון דער דערהרג׳עטע קעניגין דראגא.

— דער נייער סערבישער קעניג איז דעם 24 יוני אויף זיין רייזע נאך בעלגראד דורכגעפאהרען וויען. די דארטיגע סערבען האבען זיך פארזאמעלט אין א גרויסע צאהל און האבען איהם מיט פריידען געשרייען עמפפאנגען. פון דער עסטרייכישער רעגירונג איז אבער קיינער איהם נישט ארויס ענטגעגען. דעם 25־טען יוני איז ער אנגעקומען קיין בעלגראד און דאס פאלק האט איהם מיט גרויס פאראד עמפפאנגען. פון די קאנסולען האבען איהם נאר דער רוסישער און עסטרייכישער בעגעגנט, ווייל די איבריגע קאנסולען זענען אלע צעפאהרען. דעם 26־טען יוני האט ער צוגעשווארען צו דער פרייער קאנסטיטוציע.

— אויף דעם רוסישען קייזערליכען פאלאץ האט מען ארויפגעלעגט טרויער אויף 24 טעג אויף דעם קעניג אלכסנדר און די קעניגין דראגא.

— אויף דעם רומענישען קעניגליכען שלאס האט מען געמאכט 14 טעג טרויער אויף דעם סערבישען קעניג און קעניגין.

— מעהרערע איטאליענישע אפיצערען, וועלכע האבען סערבישע ארדען, האבען עס איבערגעגעבען דעם קריגס־מיניסטער, דערמיט דריקען זיי אוים זייער פראטעסט געגען די רציחה אין סערבישען הויף.

— דריי טאג פאר דער רציחה אין קעניגליכען שלאס האט א פריינד פון קעניג אלכסנדר איהם געשריבען א בריף, אין וועלכען ער איז איהם מודיע, אז מען האט געגען איהם געמאכט א בונט, אז פאר איהם איז קיין רעטונג נישט דא, אז ער זאל זיך אבזאגען פון דער רעגירונג און פירשט פיאטער זאל ער בעשטימען צום נאסלעדניק (טראן ־ פאלגער). קעניג אלכסנדר האט אפנים נישט געפיהלט, אז דאס שווערד הענגט איהם אויפ׳ן האלז און האט די עצה פון זיין גוטען פריינד נישט געפאלגט.

— די מיניסטארען אין סערביע האבען בעשלאסען פארצילעגען דעם נייעם קעניג פיאטער, ער זאל נישט בעשטראפען די אפיציערען, וואס האבען איין אנטייל גענומען אין דער רציחה. מען רעכענט, אז די אפיציערען וועלען פארלאזען די ארמעע און וועלען בעקומען פענסיע און די אלמנות פון די גע׳הרג׳עטע וועלען אויך בעקומען פענסיע.

— ווי די סערבישע צייטונגען שרייבען וועט מען פון דעם אלטען קאנאק (שלאס), וואו דער קעניג מיט זיין פרוי זענען ערמארדעט געווארען, מאכען א מוזעאום.

---

## נייעס פון דער וואך.

### I. וועלט נייעס.

— אין פעטערסבורג זענען אנגעקומען די בעפאלמעכטינטע פון דעם אמעריקאנישען שיפען־קעניג מיליארדער מארגאן, צו אונטערהאנדלען די פראגע וועגען פעראייניגען פעטערסבורג מיט ניו־יארק דורך דאמפ־שיפען.

— איין אקציען געזעלשאפט אוים שוועדען האט דערלאנגט א בקשה, מען זאל איהר ערלויבען צו בויען אויף יעקאטערינסקי קאנאל אין פעטערסבורג א גרויסען האטעל מיט 60 צימערן, וועלכע וועט שווימען אויף דעם וואסער.

— די וואהל צום דייטשען רייכסטאג האט זיך געענדיגט. די סאציאל־דעמאקראטישע פארטיי האט געהאט א גרויסען נצחון, פון די אנטיסעמיטען איז ביי די הויפט־וואהלען קיין איינציגער נישט גע־

---

ניט, פארשטעהט איהר זיי האבען אליין טעכטער אויף חתונה מאכען און נאך דערוואכסענע דערצו. הקצור ס׳איז געבליבען, מיר זאלען זיך צונויפקומען אויף א „ווארט". איז דאך אבער היינטיגע צייטען נישט דאס וואס אמאל. אמאל האט מען א שרוך געטהאן מיט א קינד אינטער די אויגען גאר! געקומען צוגעהן אהיים, אפגעגעבען מזל טוב און געגונג. היינט איז גאר געווארען א מאדע, אז מע מוז פריהער איבערערעדען מיט די קינדער, זיי זאלען זיך פריהער אנקוקען און זאגען צי זיי זענען זיך געפעלען צי ניין? מע פערשפאר זיי גאר זאגען, זיי זעהען זיך אליין... איז דאך אוודאי גוט. נעם איך מיין בחור און טהו איהם א פרעג: געפעלט דיר אשטיינער, פייסיניו, אזעלכע און אזעלכע? ווערד ער רויט אזוי ווי פייער און ענפערט נישט דאס צווייטע ווארט. „געשוויגען איז גערעדט", טראכט איך מיר: „קיין תשובה איז אויך א תשובה". אי וואס ער איז רויט געווארען? מסתמא האט ער זיך פארשעמט, און ס׳איז געבליבען הייסט דאס, אז מע קומט זיך צונויף אויפדערנאכט, פריהער געוויינטליך ביי דער כלה, נאכדעם וועט מען זיין ביי מיר — נו, וואס בעדארף מען נאך? באקט מען לעקאך און מע גרייט זיך אויף א וועטשערע, ווי געוויינטליך. בין איך אייך ניט אויסען.

(ענדע קומט).

וועהלט געווארען, נאר ביי די שטיכוואהלען האט מען נײן אויס־געקליבען.

— די פראנצויזישע רעגירונג האט פארבאטען צו מאכען אין פאריז און אין אנדערע גרויסע שטעדט רעליגיעזע פראצעסיעס. אין נאנטי זענען די סאציאליסטען אנגעפאלען אויף דעם עולם, וואס איז געגאנגען מיט הייליגע בילדער און פאהנען, איינינע סאציאליסטען זענען שטארק פארוואונדעט געווארען.

— דער אינספעקטאר פון דווינסקער רעאל־שולע האט בע־קאנט געמאכט זיינע שילער, אז עס איז זיי שטרענג פארבאטען צו טראגען שטעקלעך, אויך קאלירטע העמדלעך (בלוזע, רויטע) אפילו אויף די זומער וואהנונגען און אין אלע ערטער, וואו עס איז דא א גרויסער עולם. די תלמידים וואס וועלען נישט אבהיטען דעם פאר־באט וועלען שטרענג באשטראפט ווערען.

— דער גובערנאטאר פון טאמסק (סיביריע) האט בעשטראפט צוויי קריסטען צו זיצען 2 חדשים אין אסטראג דערפאר וואס זיי האבען געהעצט דאס פאלק צו ראבירען יודען.

— פון קאנסטאנטינאפאל ברענגען די צייטונגען שרעקליכע ידיעות. פון דעם סולטאנס פאלאץ „אילדיז קיאסק“ האט מען ארויסגעפיהרט 40 פארוואונדעטע מענשען. די סבה פון דעם ווייסט מען נישט. מען האט פארגרעסערט די צאהל פון דער געהיים־פאליציי.

— א רוסישער גביר וו. פ. בארינאוו, וועלכער איז געשטארבען אין יאלטא, האט איבערגעלאזען זיין גאנץ פארמעגען 150,000 רובל פאר די ארעמע שילער, וואס לערנען זיך אין די סאראטאווער שטעדטישע שולען.

— די ארבייט־פארוואלטונג אין אדעסא האט ארויסגעגעבען א בעפעהל אלע וואס האלטען ווארשטאטען, אז מען זאל נישט ארבייטען מעהר ווי 12 שעה אין טאג. אין די 12 שעה דארף אויך זיין אריינגע־רעכענט 2 שעה אויף מיטאג. אויך זאל מען נישט לאזען קליינע קינ־דער ארבייטען ביי דער נאכט.

### II. יודישע נייעס.

**רוסלאנד.** אין סטאלבצי (מינסק. גוב.) איז געווען א גרויסע שרפה, הונדערטער פאמיליען זענען פארארעמט געווארען, און ברויכען הילפע.

— אין יאראסלאוו איז דעם 17 מאי געווען א משפט אויף א קריסטליכע פרוי דערפאר, וואס זי האט ארויסגעלאזט א קלאגע, אז די יודען האבען געהרגעט איהר 6 יעהריגען זוהן. די בעשולדיגטע האט זיך מודה געווען און דער שופט האט איהר בעשטראפט צו צאהלען 10 רובל אדער צו זיצען 3 טעג אין אסטראג.

— דער יודישער גראָווער ישראל ראחומאווסקי איז צוריק־געקומען פון פאריז נאך אדעסא, ער וועט אבער אין אדעסא לענגער נישט פערבלייבען. דער גרויסער כבוד, וואס ער האט אין פאריז בע־קומען האט איהם איינגעגעבען חשק זיך צו בעזעצען אין פאריז, וואו מען וועט בעסער וויסען ווי צו שעצען זיינע ארבייט.

**עסטרייך־אונגארן.** אין קראקא וועט ענדע זומער זיין איין אלגעמיינע אסיפה פון רבנים.

**אפריקא.** דער משורר ד״ר לנדא הילל בן שכ״ר פון מאנ־טשעסטער איז געווארען רב אין יאהאניסבורג.

**אמעריקא.** דער פרעזידענט רוזוועלט האט געשיקט א מענשען קיין רוסלאנד זיך צו ערקונדיגען וועגען די יודישע עמיגראציע.

### III. ציוניסטישע נייעס.

— צום זעכסטען קאנגרעס וועלען זיין פון שווייץ 9 דעלעגירטע.

— עטליכע יודישע גבירים פון ניו־יארק האבען בעשלאסען צו שיקען צום זעכסטען ציוניסטישען קאנגרעס איינעם פון זיי, כדי ער זאל זיך בעקענען מיט דעם ציוניזם און זאל זיי צושטעלען גענויע ידיעות וועגען דער ציוניסטישער בעוועגונג.

— אין דער צייט פון קאנגרעס וועט אין באזעל ארויסגעהן טעגליך א קאנגרעס־צייטונג אין דער דייטשער שפראכע.

---

## ידיעות וועגען קישינוב.

— ה׳ מ. א ראקאווישציק אויס באקו שרייבט אונז, אז אין באקו האט מען צונויפגעקליבען פאר די פאראומגליקטע קישינובער יודען 9890 רובל. די ארמענער פון באקו האבען אויך צונויפגעקליבען געלד פאר די קישינובער יודען.

— דער הילפס־קאמיטעט אין קישינוב האט בעשטימט פאר די פאמיליעס פון די הרוגים 150,000 רובל.

— דער קישינובער קאמיטעט צו פארזארגען די יתומים האט באשלאסען צו פאראייניגען אוסישקינ׳ס פראיעקט, צו ערציעהען די יתומים אלס קאלאניסטען, מיט דעם פראיעקט פון ה׳ בעלקינד צו גרינדען אין ארץ־ישראל א לאנד־ווירטשאפט שולע. באלד ווי אוסיש־קין וועט קומען אין ארץ ישראל וועט ער קויפען א גרויסע שטיק לאנד און אז די יתומים וועלען גרויס ווערען און וועלען ענדיגען די שולע, וועט מען דאס לאנד צעטיילען אזוי, אז יעדער יתום זאל בע־קומען איין ערך פון 200 דונאם.

— פון דער שווייץ האט מען צוגעשיקט צום קישינובער הילפס־קאמיטעט 10 טויזענט פראנק.

— דער סאדאגורער רבי האט זיך געווענדט צו זיינע חסידים זיי זאלען ניט אויפהערען צו העלפען די פאראומגליקטע יודען אין קישינוב. ער אליין האט דערויף געגעבען די ערשטע נדבה.

— דער חסידישער רבי פון גור־קאלוואריע האט געשיקט א קול קורא צו זיינע חסידים, זיי זאלען שיקען נדבות צום הילפס־קאמיטעט אין קישינוב.

— דער גרויס־פירשט פון העסען (א ברודער פון דער היינטיגער רוסישער קייזערין) האט מנדב געווען א היבשע סומע געלד פאר די קישינובער יודען.

— דער יודישער הילפס־פעראיין אין דייטשלאנד האט ביז דעם 24 יוני צוזאמענגענומען פאר די קישינובער יודען 461,248 מארק.

---

## נאפאלעאן דער גרויסער און נפתלי דער קליינער.

I

ס׳איז געווען א שיינער זומער־טאג גאנץ פריה.

די ערשטע צייט פון מיין זיין אין דער גרויסער וועלטשטאדט פאריז.

מיד, פארטומעלט און איבערראשט פון פאריזער גאסען, פא־ריזער רעש, פאריזער מוזעאומ׳ס, פאריזער גערטנער און אנדערע אנטיקען, בין איך איינגעשלאפען אויף מיין הארט געלעגער אויף דעם זעכסטען שטאק ערגעץ אין איין אינטער־געסל. דער בעל־החלומות האט זיך געמאכט מיט מיר א שפילעכל און האט מיך איבערגעטראגען אויף זיינע פליגעל צוריק אין מיין געבורטס־ארט, א קליין שטעדטל

אין דרום־רוסלאנד, צוריק צו מיר א היים אויף מיין ווייך געלעגער צווישען מיין בני־בית.

פלוצים הער איך א קול דורכדרינגען צו מיר דורכ'ן שלאף:

— דו שלאפסט?

— הא?... וואס איז? — ענפער איך פארשלאפען.

— דו שלאפסט און פארגעסט, אז מיר דארפען היינט בעטראכטען דאס אינוואלידען־הויז מיט'ן גאלדענעם דאך און נאפאלעאנס קבר? — שרייט צו מיר מיין חבר פון זיין געלעגער.

— א וואסער אינוואלידען־הויז?... א וואסער קבר? — פרעג איך נאך אלץ פארשלאפען און בטל חלומות צו מיין חבר'ס קאפ.

— חא! חא! חא! — צעלאכט זיך מיין חבר — ווייזט אויס, אז דו האסט גאר פארגעסען, אז מיר זענען אין פאריז גאנץ הויך, אויף דעם זעכסטען שטאק, און דיר חלומ'ט זיך, אז דו ביזט ביי דיר אין דער היים, אין דער הייליגער שטאדט חאשיוואטע!

איך האב ווירקליך פארגעסען, אז איך בין אין פאריז און אז מיר האבען פאר אונז א גאנצע פראגראמע, צו בעטראכטען פאריזער מוזעאומ'ס און אנדערע חידושים און מיין חבר וועט מיך ניט לאזען אוועק גיהן פון דער פראגראמע אפילו אויף א האר.

— ס'איז קיין חדוש ניט וואס איך האב פארגעסען. ווי איך בין — חכמה איך מיך שוין גאנץ וואכענדיג. — די פאריזער וואנצען בייסען פונקט ווי אונזערע, און איך האב ווירקליך גערעכענט, אז איך בין אין דער היים און די היימישע וואנצען בייסען מיך.

— אלע אנטיסעמיטען בייסען אויף איין נוסח — חכמ'ט זיך מיין חבר אויך; נאר פלוצים ווערד ער ערנסט. — לאמיר אוועקלאזען די חכמות, ס'איז צייט אויפצושטעהן. אט, זעהסטו וואס מיר האבען היינט צו טון?

און מיין חבר ווייזט מיר פון זיין געלעגער א גאנץ צעטעל און ציידהלט אויף די פינגער: „נומער 1: דאס אינוואלידען־הויז. נומער 2: נאפאלעאנס קבר. נומער 3: דער בולאנסקי וואלד. נומער 4: דער אקלימאטאציאנס גארטען".

פון מיין חבר'ס פראגראמע שווינדעלט מיר אין די אויגען. ביי מיין חבר מוז זיין יעדע זאך מיט א פראגראמע, אלעס אין דער ארדנונג, יעדע זאך מוז ליגען אויף זיין ארט, יעדעס אויסגערעכענט; ער ווייסט, וואו ער וועט זיין שפעטער מיט 10 טאג, מיט א חדש, וואו ער וועט עסען מיטאג, וואו ער וועט שלאפען, וואס ער וועט זעהן, וויפיעל צייט ער וועט פארברענגען אויף יעדען ארט. איך בין פונקט דער היפך פון מיין חבר: איך קען קיין שום פראגראמעס, קיין שום סדר ניט ליידען. אז איך לייען א בוך, הייב איך אן פונ'ם סוף, שפרינג איבער צום אנהייב און לאז אויס ביי דער מיט. ביי מיר אין איין מינוט איז דא הונדערט פארשידענע געדאנקען: אט, האב איך בעשלאסען, איך זאל בלייבען אויף איין ארט 2: גאנצען חדש און פלוצים, אין א טאג ארום, פאהר איך איך אוועק. ווידער מאכט זיך, אז איך בעשליס צו בלייבען אויף איין ארט נאר איין טאג און פארבלייב אויף א גאנצען חדש. ביי מיר איז די בעסטע ארדנונג — אונארדנונג.

אין דער ערשטער צייט, אז איך בין נאר וואס ארויס געפאהרען מיט מיין חבר אויף דער גרויסער וועלט, איז געווען ביי מיר זיין סדר מיט זיינע פראגראמעס אנגעלעגט; ער האט אכטונג געגעבען אויף מיינע זאכען, זיי זאלען ניט געהן לאבוד, ווי ס'פלעגט זיך מאכען ביי מיר אליין; ער פלעגט אנגרייטען עסען אויפ'ן וועג, וואס איך פלעג דאס קיינמאל ניט טראגען אויפ'ן קאפ. איך, אז איך עס אב א זאטען מיטאג, מיין איך, אז וועל שוין גאר קיינמאל ניט וועלען עסען, און קאן מיך בשום אופן ניט געוויינען, איך זאל מיט מיר אויף דעם וועג פיהרען בינטלעך מיט עסען, חאטשע ניט איינמאל האט זיך מיר געמאכט, אז האב געמוזט הונגערען אויפ'ן וועג, דאך האט דאס מיך קיינמאל ניט אנגעלעהרענט אויפ'ן צווייטען מאל. מיט מיין חבר האב איך פון אזעלכע זאכען ניט געוואוסט. ער פלעגט אלסדינג איינקויפען, אנגרייטען, זיך טאסקען מיט די בינטלעך און אז ס'איז געקומען צום עסען, פארשטעהט זיך, אז ס'איז געווען ביי מיר אנגעלעגט און איך האב געקייעט אויף ביידע באקען.

נאר מיט דער צייט האט זיך מיר זיין פינקטליכקייט מיט זיין ארדנונג מיט זיינע פראגראמעס צוגעגעסען ביז אין טויט. איך בין שוין אזוי פון נאטור, איך קאן ניט ליידען קיין מרות און דיסציפלינע. איך האב מיך געפריווט ארויסרייסען זיך פון זיין אפיעקע. נאר דאס אבער איז שוין געווען איין אונמעגליכע זאך; ער האט מיך גוט אריינגעחאפט אין די לאפקעס און איך האב זיך שוין ניט געקאנט ארויסרייסען.

דאס מאל האב איך מיך אויך געפריווט בונטעווען:

— איך וויל היינט ניט אין אינוואלידען הויז, איך וויל היינט פאהרען קיין ווערסעל, בעטראכטען דארט דעם קייזער־שלאס.

מיין חבר האט דורכגעבלעטערט די פראגראמע און האט געזאגט:

— ס'קאן ניט זיין! ווערסעל מיט דעם קייזער־שלאס איז פארצייכענט אויף איבערמארגען, און היינט דארפען מיר זיין אין אינוואלידען־הויז און באסטא!

פארשטעהט זיך, אז ס'האט געמוזט בלייבען אויף זיינעם, און עלף א זייגער האבען מיר שוין שפאצירט אין מוזעאום פונ'ם אינוואלידען־הויז, וואו ס'איז צונויפגענומען די כלי זין מיט די מלחמה־מאשינען, וואס דער מענש האט אויסגעטראכט פון זינט די וועלט איז בעשאפען געווארען ביז היינטיגען טאג, כדי ער זאל דער מיט קאנען גרינגער טייטען זיין ברודער. — מיר האבען דארט געזעהן דאס דריקעל מיט וועלכען קין האט גע'הרג'עט זיין ברודער הבל, דעם פאלענבויגען פונ'ם פעטער ישמעאל, די שווערד פונ'ם פעטער עשו, וואס ער פלעגט מיט איהר געהן אויפ'ן געיעג, גלית הפלשתים שפיעז, די גלאטע שטיינדלעך, מיט וועלכע דוד המלך האט גע'הרג'עט דעם פלשתי און נאך אזויגע אנטיקען ביז די לעצטע מלחמה־מאשינען פון דער לעצטער צייט, וואס מיט איין שוס קאן מען דער'הרג'ענען טויזענט מענשען.

דער זייגער האט געשלאגען צוועלף און אונז האט מען אנגעזאגט, אז די „קאפעלע", אין וועלכער עס ליגען נאפאלעאנס ביינער איז שוין אפען.

אין עטליכע מינוט זענען מיר שוין געווען אין דער קאפעליע און געשטאנען ביי די שטארביטען און אראבגעקוקט אין דער טיעף מיט פחד אויף דעם קבר פונ'ם גרויסען העלד.

די וואונדער־שענע, פראכטפאלע „קאפעליג", די שיין, וואס האט אַריינגעשטראַלט דורך די אויבערפענסטערלעך פונ׳ם דאך. די שטראַלען פון דער זון, וועלכע זענען געווען, ווי גאלדענע סנאפעס, דער קבר און דאס טויטשטילקייט, וואס האט דארט געהערשט — דאס אַלעס האט דערוועקט מיין פאנטאזיע און אין מיינע געדאנקען האט זיך דורכגעצויגען די אַלע גבורות פון נאפאלעאן, די אַלע מלחמות, וועלכע ער האט געפיהרט. איך האב מיך דערמאהנט אין די אַלע הונדערטער טויזענטער מענשען, וואס האבען זיך געלאזט טייטען נאר צוליב איין ווארט פון דעם גבור און יענע אזוי פיעל טויזענטער אין אויסטערליץ, אזוי פיעל טויזענט אין עגיפטען, באראדינא, אין וואטער־לייא, אזוי פיעל טויזענטער... מיר האט אויסגעוויזען, אז די אַלע הונדערטער טויזענטער מענשען, וואס זענען גע׳הרג׳עט אויף נאפאלעאנס קדוש השם, די אַלע זענען אַ ציגד אַרויסגעקראכען פון זייערע קברים, זייערע סקעלעטען האבען זיך צונויפגעשלעפט פון אַלע עקען וועלט, און זיי שטעהען אַ ציגד אַלע פאר נאפאלעאנס סקעלעט און עס ווייזט זיך אויס, אז זייערע לעבערדיגע אויגען פרעגען:

— „פאר וואס?...

II.

נאפאלעאן דער גרויסער מיט די אַלע הונדערטער טויזענטער סקעלעטען, וואס זענען גע׳הרג׳עט געווארען אויף זיין קדוש השם, זענען פארשוואונדען געווארען פון מיינע אויגען און מיין פאנטאזיע האט מיך צוריק פארטראגען אין מיין געבורטס־שטעדטל אויף דעם חאשיוואַטער בית עולם, און פאר מיינע אויגען שטעהט אַציגד איין אנדער קבר. איך זעה אַ צוים ניט פון מארמארשטיין, נאר פון קליינע שטיקלעך זאמדיגע שטיינדלעך, אין מיטען דער צוים אַ בארג מיט ערד און צו קאפענס שטעהט אַ קליינער, ניט קיין געפארבטער שטיין, אויף וועלכען ס׳שטעהט אויסגעקריצט; „פ"נ נפתלי בן אשר תנצב"ה".

דאס איז נפתלי דעם קליינעמ׳ס קבר.

נפתלי דער קליינער איז אויך געווען אַ העלד, אַ גרויסער העלד!

ער האט אויך כל ימיו געפיהרט מלחמות; ער האט כסדר מלחמה געהאלטען מיט אונזערע הארטלייביגע גבירים, און מיט אונזערע פארשטיינערטע אריסטאקראטען.

פארשטעהט זיך, אז אין זיינע מלחמות האט ער ניט פארגאסען קיין בלוט פון זיינע מיטמענשען, נאר וויפיעל שוויים האט ער אַליין פארגאסען פאר זיינע ארימע ברידער!

ער שטעהט מיר נאך אַ ציגד פאר די אויגען.

אַ יודל אַ קליינס, אַ ברייטס, כמעט אַ פיערעקעכ׳דיגס מיט צוויי שווארצע, גרויסע אויגען מיט אַ לאנגער גרויער בארד, אנגעטאן אין אַ ליוסטרינענע קאפאטע, איינגעטראגענע, צוגעשפילעט אויף איין קנעפעל, זומער אין הוילע גאטקעס, אין שוך און אין זאקען, און ווינטער מיט אַ פאר קארטענע הויזען, אויפ׳ן קאפ אַ קאלעכדיג היטעל, אין איין האנט כסדר אַ רויטע דאמענדיגע פאטשיילע און אין דער אנדערער האנט אַ שטעקען, ער איז תמיד געווען בעשעפטיגט, קיינמאל קיין צייט ניט געהאט.

— וואס איז ר׳ נפתלי, וואס לויפט איהר אזוי גיך? — פלעג איך איהם אפט אבשטעלען.

— איך האב קיין צייט ניט. בייי נחמן בונדרוזשניק איז געפאלען אַ פערד. איך מוז איהם מאכען עטליכע קערבלעך, ער זאל זיך קאנען קויפען אַ פערד: ער מיט זיין ווייב זיצען און יאמערן. די קינדערלעך האבען שוין קיין מעת־לעת ניט געהאט אין מויל קיין ברעקעל ברויט. איך מוז איהם זעהן קויפען אַ פערד, אַלא ניט איז ער אַ פארפאלענער. אויב איהר ווילט עפיס געבען — ניט. און אז ניט — האלט מיך ניט.

און ווער האט געהאט דאס הארץ אבצוזאגען נפתלי דעם קליינעם, ער זאל איהם ניט געבען קיין נדבה?

דאס עגמת נפש, דער צער, וואס איז געליגען אין זיינע אויגען; ווען ער האט דערציילט, ווי בייי נחמן בונדרוזשניק איז געפאלען דאס פערד, איז אוממעגליך צו בעשרייבען. מ׳האט אַרויסגעזעהן בעשיינפערליך, אַז זיין הארץ האט געבלוטעט און זיין פיהלענדיגע נשמה ליידט מעהר פונ׳ם גע׳פגר׳טען פערד, ווי נחמן בונדרוזשניק.

דעם אנדערען טאג האב איך איהם ווייטער בעגעגענט מיט זיין שטעקען אין איין האנט און די רויטע, דאמענדיגע פאטשיילע אי דער אנדערער האנט.

— וואס איז היינט פאר אַ יום־טוב, ר׳ נפתלי?

— וואס ווייסט איהר מיינע צרות! בייי חיים יעקלען איז געביך קראנק דאס ווייב. די גבאים פונ׳ם שפיטאל ווילען זי ניט אַריינגעמען אהן געצאהלט און ער האט שוין לאנג פארקויפט און פארזעצט פון דער שטוב, וואס ער האט געקאנט. און ווי זאל ער אַ ציגד נעמען צו צאהלען?

און אַזוי האט ער געהאט אַרבייט אַלע טעג. זונטאג האט ער געדארפט „מאכען" אויף אַ פערד פאר חיים בונדרוזשניק; מאנטאג — קלויבען עטליכע קערבלעך, ער זאל אַריינגעבען אין שפיטאל חיים יעקלס ווייב; דינסטאג האט ער געדארפט דערלאנגען עטליכע קערבלעך שרה דער אַלמנה, זי זאל זיך קויפען אַ קוה און זאל קאנען דערנעהרען איהרע קליינע ווערימלעך; מיטוואך האט ער געדארפט פארזארגען גד מלמד מיט הוצאות קיין אדעסא, ער זאל זיך דארט היילען זיין רעוומאטיזם און דאנערשטאג האט ער געדארפט אַוועקגעבען יוסל דעם יתום צו אַ שניידער, ער זאל זיך אויסלערנען אַ מלאכה און זאל ניט אויסוואַכסען קיין פוסטע פאסניק.

און פרייטאג האט נפתלי געהאט זיין ספעציאלע אַרבייט צונויפצונעמען עסענוואַרג און קוילעטשען פאר די, וואס זיצען אין אָקטראג און זיי עם אַליין אבפיהרען און דארטען צעטיילען.

ליבליך און פריילין איז געווען צו זעהן אט דעם קליינעם נפתלי ווי ער פלעגט זיצען פרייטאג אַרומגערינגעלט מיט קערב פול מיט קוילעטשען און עסענוואַרג. איהם האט מען קוים אַרויסגעזעהן. זיין פנים האט געשיינט פאר פרייד און פארגניגען. ער פאהרט צו טרייסטען און אנצוהאדיוען די עלענדע, וואס זיצען געביך אין דער תפיסה.

מיינט איהר אפשר, אַז ער האט גערוהט חאטשע שבת און יום־טוב? האט איהר אַ גרויסען טעות! שבת און יום־טוב האט ער זיך געדארפט אַרום שלעפען מיט די פרעמדע אורחים, זאלען געביך אויך וויסען פון שבת ויום־טוב צו זאגען.

נאר די עיקר אַרבייט נפתלי׳ס איז ערשט געווען ווייטער: ציזא־

מען מאַכען אויף הייצונג, כּדי די אָרימע לייט זאָלען נעביך ניט פרירען. „ס'איז גענוג נעביך וואָס זיי קומען אָב מיט'ן עסען—לאָזען זיי חאַטשע זיצען אין דער וואַרם, א הונגעריגער פיהלט שטאַרקער די קעלט" — פלעגט ער זאָגען.

אַז ס'איז געקומען דער קאַלטער ווינטער מיט די פרעסט, האָט נפתּלי געהאַט אַרבייט פ'ן פאַרטאָג אָן. ער האָט געדאַרפט נאָך פאַר־טאָג צופיהרען הייצונג צו די אָבגעקומענע בעלי־בתּים, די שכנים זאָלען ניט זעהן, אונ אַ גאַנצען טאָג האָט ער געדאַרפט צעטיילען די עפענטליכע אָרימע לייט הייצונג.

אונ די אָרימע־לייט אַליין האָבען איהם ניט געוואוסט צו שעצען ווי ס'געהער צו זיין. זיי האָבען געמיינט, אַז ער מוז, אַז ער איז אַ מחויב צו אַרבייטען פאַר זיי אונ טאָמער האָט זיך געמאַכט, אַז ער האָט ניט געהאַט וואו צו בעקומען אויף הייצונג, אַז אונזערע גבירים זענען מיד געוואָרען צו געבען, פלעגט מען איהם אַ סך מאָל אָנפאַלען אונ זידלען, אונ ער האָט דאָס אַלעס איבערגעטראָגען אונ האָט זיך געפיהלט, אַז ער איז טאַקי באמת שולדיג אונ די אָרימע־לייט זענען גערעכט.

ניט איינמאָל האָט זיך מיר געמאַכט צו גהן מיט נפתּלי דעם קליינעם אין די אונטער־געסלעך אונ פּלוצים האָב איך דערהערט אַ קול פון אַ בייזע יודענע:

— אַ רוח אין דיין טאַטענס טאַטען אַריין! שוין דריי טעג זיץ איך אָהן הייצונג!

איך האָב גאָר ניט געוואוסט וועמען זי מיינט דאָס, נאָר נפתּלי האָט זיך געווענדעט צו מיר מיט אַ טרויעריגען שמייכעל:

— אָט דאָס מיינט מען טאַקי מיך. די יודענע איז טאַקי נעביך גערעכט, זי זיצט שוין דריי טעג אָהן הייצונג; נאָר וואָס זאָל איך טון, אַז איך האָב ניט וואו צו בעקומען?

פאַרשטעהט זיך, אַז ביי די גבירים אַליין איז נפתּלי ניט געווען אַזאַ אָנגעלעגטער גאַסט אונ זיי פלעגען וועלען זיך אָבטשעפּען פון דער „זלידנע". וואָס וויל ווערען צו אַ גרויסע שמעלקע מיט זייערע בייטעלעך: נאָר ער האָט אָבער שוין געהאַט זיינע מיטלען. אַמאָל מיט גוטען, אַמאָל מיט בייזען, אַמאָל מיט אַ שטעכענדיג ווערטעלע, אונ האָט על פּי רוב אויסגעפיהרט זיינס, אונ אַז אַלע מיטלען האָבען ניט געהאָלפען האָט ער געהאַט דאָס לעצטע מיטעל.

— גיט, כּדי מ'זאָל אייערע קינדער אויך געבען...

— וואָס, איהר שעלט נאָר, ר' נפתּלי? האָט זיך דער גביר בעליידיגט.

— חלילה — פלעגט ענטפערען נפתּלי — איך זאָג נאָר דאָס, וואָס די גמרא זאָגט, ס'איז אַ „גלגל החוזר בעולם", געלד איז קיילעכדיג, היינט איז עס ביי אייך, דאַרפט איהר געבען יענעם אונ מאָרגען — דרעהט זיך איבער ז'אָס ראָד... ווער ווייסט וועמעס מאָרגען ס'איז?

אַזוי איז נפתּלי דעם קליינעמס לעבען געווען אַ לאַנגע קייט פון אַרבייט, מיה אונ זאָרג פאַר זיינע אָרימע ברידער. זומער אונ ווינטער, ביי טאָג אונ ביי נאַכט, שבת אונ וואָכען איז ער געווען פאַרנומען, צו זאָרגען פאַר די אומגליקליכע, צו טרייסטען די עלענדע, אָבצווישען די טרערען פון די פאַרצאַרענטע. אונ ער אַליין האָט געלעבט אין דחקות; ער האָט געצויגען זיין יניקה פון אַ קליין קלייטעלע, אין וועלכען ס'האָט זיך געפונען עטליכע שטריק, עטליכע פעקעלעך שוועבעלעך, עטליכע שטיקלעך זייף אונ נאָך אַזוינע סחורות, מיט אַ קעסטעל צו פאַרקויפען חיים וואַסער. נאָר וואָס איז איהם אָנגעגאַנגען זיין לעבען? (קיין קינדער האָט ער ניט געהאַט) פאַר איהם אונ זיין ווייב איז געווען גענוג אַ ביסעל קוליש פון קאַר־טאָפּלעס אונ אַ גלעזעל וואַרעמס, אַבּי ער קאָן פאַרזאָרגען זיינע אָרימע יתומות, אַלמנות, קראַנקע אונ עלענדע. פאַר זיי אונ צוליב זיי האָט ער געלעבט.

נפתּלי איז געשטאָרבען אונ מ'האָט איהם בעגראָבען אויף דעם חאַשטשוואַטער בית־עולם. פאַרשטעהט זיך, קיין מאַרמאָרענע מצבה האָט מען איהם ניט געשטעלט. רייזענדע פון דער גאַנצער וועלט קומען ניט אָנקוקען זיין קבר. ער ליגט אַרומגערינגעלט מיט אַ צוים פון קליינע שטיינדעלעך אונ צוקאָפּענס אַ פּראָסטע מצבה. אויף איהר שטעהט אָנגעשריבען: „פ"נ נפתּלי בן אשר תנצב"ה". די שטאָדט־לייט האָבען איהם שוין אויף לאַנג פאַרגעסען. צומאָל אפשר איין עושר פיהלט זיך בעסער, אַז ער דערמאָהנט זיך:

— דאַנקען גאָט, געפּטר'ט די „זלידנע", וואָס פלעגט רייסען ביי די פּאַלעס.

אונ איין אָרימאַן גיט צומאָל אַ קרעכץ:

— נישטא דאָ „נפתּלי דער קליינער"!

III.

פּלוצים האָט מיין חבר'ס האַנט אָנגעריהרט מיין פּלייצע אונ איך הער אַ קול רעדט צו מיר:

— אַך ווי פּראַכטפאָל איז דער קבר!

— וועמעס קבר? דער קבר פון נפתּלי דעם קליינעם? האָב געענטפערט אויף מיינע געדאַנקען.

מיין חבר האָט זיך צעלאַכט אונ האָט מיר אַ זאָג געטאָן אויפ'ן אויהער:

— ווערדלונג איך זעה, פאַנטאַזירסט דו פון דיין חאַשטשוואַטע וואַכענדיג אונ שלאָפענדיג. קוק דיך אום! זעה! פאַר דיינע אויגען שטעהט ניט דער קבר פון נפתּלי דעם קליינעם, נאָר פון נאַפּאָלעאָן דעם גרויסען, דעם בעריהמטען העלד!

מיין חבר האָט געקוקט אויף דעם זייגער אונ האָט געזאָגט:

— אָה, ס'איז שוין איבערגעגאַנגען די צייט; מיר דאַרפען גהן אַצינד אין בולאָנער־וואַלד, נאָך אונזער פּראָגראַמע נאָך.

איך בין ניט ווילענדיג נאָכגעגאַנגען מיין חבר. איך האָב גע־וואוסט, אַז מיין חבר וועט מיך ניט לאָזען אַראָבגעהן פון דער פּראָ־גראַמע אפילו אויף אַ האָר.

אֱלִיעֶזֶר דָוִד רָאזֶענְטהַאל.

## אַ ביטערער געלעכטער.

נייע וואונדען נייע שמערצען,
נייע צרות, נייע טרערען,
א טייל מענשען ווערען הייליג:
א טייל — ווילדע חיות ווערען...

א טייל שרייבער מאכען מענשען
פאר גזלנים, שלאנגען-ברידער;
א טייל שרייבער וויינען יאמערען
און זיי זינגען קלאג־לידער...

נאר איך וויין ניט! און קיין טרערען
מיינע אויגען פליסען קענען;
ס׳הארץ מיינס איז נאר פול מיט פייער
און די אויגען פלאקערן ברענען.

און עס לאכט זיך ביז צום הוסטען
און עס עקעלט ביז צום ברעכען...
אה, עס לאכט זיך ביז די זייטען
הייבען אן ווי מיט נאדלען שטעכען.

אה, עס לאכט זיך ווען איראפא
מאכט זיך כ׳ביומר׳שט איידעל, מילד —
און פערראכט דאס ווילדע אזיע;
איהר זענט — קרעכץ איך — ביידע ווילד!

י. בן־ימיני.

---

# אלטנייַלאנד.

(פארטזעצונג).

XV.

אין צוואנציג יאהר ארום פארגליסט זיך אונזערע נזירים פון דער אינזעל זיך א ביסל דורך־פאהרען צוריק קיין איראפא און „חאפען" א קוק אויף דער אומגליקליכער מענשהייט, וואס און ווי אזוי זי מאכט.

דא קומט ערשט דער מחבר צו דעם עיקר תכלית פון זיין חבור, דא ערשט איז דער רעכטער מכוון פון דעם ספר, איבער וועלכען מיר רעדען.

אונזערע לייט מוזען צוריק־פאהרענדיג אזוי ווי אהין־פאהרענדיג פארבייגעהן פאלעסטינא, נאר דא שטעלט זיך זייערע אויגען פאר א גאנץ נייע בילד פון לעבען און ריהריווידיגקייט אויפ׳ן ארט פון דעם פריהערען פוילען, פארשלאפענעם. זיי ווערען געוואהר, אז אין די צוואנציג יאהר איז די מענשהייט ניט געבליבען שטעהן אויף איין ארט. אונטער דער צייט איז אבגעטאן געווארען אזא זאך, וואס דעם גלייכען פון דעם געפינט מען ניט אין דער גאנצער היסטאריע: דאס יודישע פאלק האט זיך אומגעקעהרט אין זיין א מאליגער היים און דארט א נייע געזעלשאפט מיט נייע פארמען, א נייע קולטור פון לאנד און אונטערנעהמונג אויפגעבויעט — מיט איין ווארט, זיין אלטנייַלאנד געשאפען.

ווי אזוי זעהט אוים אלטנייַלאנד אונטער די יודען? ווי אזוי פיהרט מען זיך דארט אויף? מיט וועלכע מיטעל האט מען דאס אלעס צו שטאנדע געבראכט? דאס זענען אלץ פראגען, וואס מוזען יעדען אינטערעסירען און דער ספור-המעשה גיט דערויף גאנץ קלארע תשובות.

---

דאס ערשטע וואס ס׳האט זיך זיי געווארפען אין אויג איז געווען, וואס אינ׳ם רויטען ים (ים סוף) האבען זיי די גאנצע צייט נאר בעגעגענט סחורה־שיפען און קיין איינציגע ניט פון פאסאזשירען.

צוריק מיט צוואנציג יאהר איז דא געווען א גרויסע בעוועגונג פון פאסאזשיר־טראנספארט קיין אסט־אינדיע און כינא (קיטא).

ערשט בעת זיי זענען אבגעשטיגען אין פארט־סאיד זענען זיי געוואהר געווארען, אז די וועלט האט זיך אין דער צייט א שטארקען רוק געטאן; דורך דעם נייעם יודישען ישוב אין פאלעסטינא, האט זיך געעפענט א נייער וועג צום ווייטען מזרח: איבער ארץ־ישראל.

אונזערע ווילדע אינזעל־וואהנער האבען אויפגעשטעלט מויל און אויערען אויף דער איבערראשענדער ידיעה. דאס וויסטע פאלעסטינא, וואס זיי האבען געזעהן פאר צוואנציג יאהרען, איז לויט דער מעלדונג, אצינד א שען אויפגעבליהט לאנד מיט פארטען און אייזענבאהנען און פארנעמט אין דער האנדעלס־וועלט א זעהר וויכטיגע פלאץ אלץ פארמיטלערין צווישען איראפא און אזיע. פרידריך מיט קינגסקארטען האבען בעשלאסען אבצוטרעטען אין דעם ערשטען יודישען פארט, אום דאס אלטע־נייע לאנד צו בעטראכטען.

שוין פון דער ווייטענס צוגעהענדיג צום פארט חייפה, האבען אונזערע לייט געמוזט שטוינען דערזעהענדיג די פארענדערונג וואס איז דא זיית יענער צייט איינגעטרעטען.

„דא איז עפים א נס געשעהן" האט פרידריך אויסגעשריגען בעטראכטענדיג דורך א שפאקטיוו דעם יודישען פארט: אויפ׳ן רעיד צווישען עכו און דעם כרמל אנקערען ריעזיגע שיפען, אזעלכע ווי מע פלעגט שוין בויען אינ׳ם סוף פונ׳ם נייַנצעהנטען יאהר־הונדערט. אויפ׳ן ברעג אבער פונ׳ם ים איז געווען צו זעהן א פראכטפאלע קארטינע. טויזענטער שענע ווייסע פאלאצען לייכטען ארוים פונ׳ם גרינעם גראז ארום. פון עכו ביז צום כרמל שיינט א גרויסער גארטען צו זיין, און דער בארג אליין איז אויך אזוי ווי געקריינט דורך שענע פלאנצונגען.

ווייל זיי זענען אנגעקומען פון דרום־זייט, האט זיי דער בארג פריהער פארשטעלט דעם פארט און די שטאדט חייפה. אז זיי האבען אבער זיך צוגעריקט נעהנטער, האט זיך אויך די דאזיגע פאר זיי געעפענט און דא איז קינגסקארט שוין אין גאנצען ארוים פון די כלים. א הערליכע שאדט איז עס געווען ליגענדיג ביים טיעף־בלאהען ים. גרויס־ארטיגע געביידע און גוט איינגעריכטעטע שטיינערנע מאלען, וועלכע האבען כאלד געגעבען צו דערקענען, אז דא ליגט איינע פון די בעסטע און זיכערסטע פארטען אינ׳ם מיטעל־לענדישען ים. שיפען פון אלערליי גרויסען, פון אלערליי סארטען, פון אלערליי פעלקער האלטען זיך אויף אין דעם דאזיגען פארבארגענעם און געשיצטען ארט.

קינגסקארט און פרידריך זענען געווען צעמישט. אויף זייער לאנד־ און ים־ קארטע פון פאר צוואנציג יאהרען האט זיך פון דעם אלעמען גאר ניט געפונען.

XVI.

ארויפגעהענדיג אויף די שען־געפלאסטערטע טרעפ פונ׳ם ברעג צו דער שטאדט, האבען אונזערע פרעמדע בעמערקט ווי איינער א עלעגאנטער הער, וועלכער איז זיי געגאנגען די טרעפ אראב אקעגען, האט זיך פלוצים אבגעשטעלט און גענומען זיך שטארק איינקוקען אין פרידריכ׳ס פנים. קינגסקארט איז דערפון שטארק בייז געווארען און ברומט אונטער דער נאז: „וואס וויל דער דאזיגער נפש? ער האט נאך קיינמאל ניט געזעהן קיין ציוויליזירטען מענשען?"

פרידריך ענטפערט לאכענדיג: „דאס קאן מען ניט זאגען. די לייט זעהען דא אויס ציוויליזירטער פון אונז. ניכער קאן זיין, אז מיר זעהען ביי איהם צו פארעלטערט אויס. קוקט נאר ארויף! וואסער א ריהריוור־דיגקייט אין די גאסען, אזוי ווי אין א גרויסער וועלט־שטאדט. די מאסען שען געקליידעטע מענשען. איך מיין, אז אונזערע מלבושים זענען א ביסל אויס מאדע".

דער אונבעקאנטער דערוויל, האט זיי פונ'ם אויג ניט ארויס־געלאזט. ער איז זיי נאכגעגאנגען פיסטריט און זיך געפלייסט איינ־צוהערען אין וואסער א לשון זיי רעדען. אט איז ער שוין געבען זיי און מיט איינמאל גיט ער זיך א דרעה און בלייבט שטעהן פאר די פרעמדע.

„העד!" בייזערט זיך קינגסקארט, „וואס ווילט איהר איינגעטליך פון אונז?"

דער הער ענטפערט קיין ווארט. ער ווענדט זיך צו פרידריכ'ן און פרעגט איהם מיט א ציטערדיגער שטימע: „זענט איהר עס דאקטאר פרידריך לעווענבערג?"

ניט קיין סך צו ברומען — דאס איז געווען דער הער דוד ליטוואק דער אמאליגער ארעמער יונגל פונ'ם הויזירער, וועלכער האט פרידריכ'ן געבעטען א נדבה און וועלכער איז דורך פרידריכ'ס צדקה גערע־טעט געווארען פון הונגער און נויט. דוד האט זיך אויסגעארבייט פאר א גאנץ טיכטיגען מענשען. ער מיט זיין פאמיליע האבען מיטגע־ארבייט ביים אויפלעבען פונ'ם יודישען לאנד און אויך אצינד איז ער איינער פון די רעדעלפיהרער אין ארץ־ישראל.

סע איז פון זיך צו פארשטעהן, אז דוד ליטוואק איז מלא שמחה ווידער צו זעהן זיין מלאך פון די יונגע יאהרען, וועלכען ער האט גע־האלטען שוין לאנג טויט. ער האט שוין זיין נסיעה אוועק געשטעלט אן א זייט און זיך אבגעגעבען נאר מיט זיינע טייערע געסט מיט פרידריכ'ן און קינגסקארטען, וועלכען ער האט באלד פאר א פריינד אויפגענומען, ווייל ער איז פרידריכ'ס פריינד געוועזען.

די צוויי פרעמדע האבען זיך נאך ניט אויסגעיעט אומקוקען, זענען זיי שוין געוועזען פון דוד ליטוואק געפיהרט אויף דער ברייטער גאס און ערשט דא האט זיך פאר זיי געעפענט א בילד פון א וואונדער שענער שטאדט און לעבעדיג־ראשענדיגער בעוועגונג.

פאר זיי ווייטערט זיך אויס א גרויסער פלאץ, וועלכער איז פאר־צעפעוועט מיט די ארקאדען פון שטאטליכע געביידען. אין דער מיט א שענער גארטען פון פאלמען. די פאלמען וועלכע זענען דא ווי עס שיינט א גאנץ געווענליכער בוים, שטעהען אויך פארפלאנצט פון ביי־דע זייטען גאס. מע זעהט באלד, אז די פאלמען האבען דא א דאפע־לען דיענסט: ביי טאג געבען זיי שאטען, און ביי נאכט ליכט, דען די עלעקטרישע לאמפען הענגען אויף די בוימער אזוי ווי גלעזערנע פרות. דאס איז געווען דאס ערשטע, אויף וועלכען קינגסקארט האט זיך אומגעקוקט. נאכדעם פרעגט ער אויף די פאלאצען, וואס שטעהען ארום דעם פלאץ און בעקומט א תשובה, אז דאס זענען די קאנטארעי פון פארשידענע ים האנדעלס־געזעלשאפטען און קאלאניאל־באנקען. דער פלאץ הייסט דעריבער „פעלקער־פלאץ".

און ניט נאר צוליב די געביידע, נאר אויך לויט דער בע־וועגונג פון די מענשען, האט דער פלאץ פארדינט דעם נאמען „פעל־קער־פלאץ", דען עס שימערען אין אויג די פיעל פארביגע מענשען־מענגען, וואס בעוועגען זיך אויף דעם דאזיגען פלאץ אין דער פאר־שידענארטיגסטער הלבשה פון דער וועלט.

הויפטזעכליך אבער איז געווען צו זעהן אייראפייאישע מענשען און אייראפייאישע הלבשה, אזוי אז די שטאדט האט אויסגעזעהן ווי איינע פון די גרויסע פארטאווע שטעדט אין איטאליע. דער בלויער הימעל און דער בלויער ים מיט דעם העלקייט פון די פארבען האבען באמת געוועקט די פארשטעלונג פון דער שענער ריוויערא. ניט מיין די געביידע זענען געווען פיעל נייער און ריינער און די בעוועגונג אויף די גאסען האט ביים גאנצען לעבעדיגקייט אנגעמאכט ווייניגער געטומעל. דאס נעמט זיך אביסל פון דעם סטאטעטשניקייט פון די מזרח־מענשען און נאך מעהר פון דעם וואס אויף די גאסען האט זיך קיין איינציגע בהמה ניט געפונען. מע האט ניט געהערט דאס קלא־פערייי פון פערד־קאפיטעס, קיין קנאקען פון די בייטשען אדער טראכקען פון די רעדער. דער שאסע איז אזוי גלאט געווען ווי דער טראטואר פאר די פיס־געהער און די אויטאמאבילען האבען ארום געריזט אויף זייערע גומינע רעדלעך כמעט גאר אהן שום רוישען, נאר פון צייט צו צייט א סווישטש געבענדיג אלס ווארנונגס־סיגנאל.

איבער די קעפ פון אונזערע רייזענדע האט זיך געהערט א גערויש און אלס זיי האבען פארריסען די קעפ האבען זיי מיט ער־שטוינען דערזעהען ווי א וואגאן פון א טראמוואי פליהט פארביי אין דער לופט. די רעדער זענען ביי איהם ניט אונטען, נאר אויבען אויפ'ן דאך און זיי הענגען און דרעהען זיך אויף א שטארקער אייזערנער קאליע פון א הענגענדיגער בריק און פון די פענסטער פון וואגאן קוקען ארויס מענשען.

„אלדע רוחות, וואס איז דאס?" שרייט קינגסקארט ערשטוינט. דוד ליטוואק אבער לאכט און ערקלערט זיי, אז „דאס איז די עלעקטרישע שוועבעבאהן. דאס איז אין אמת'ן ניט קיין נייעס. שוין אין די נייענציגסטע יאהרען פון פריהריגען יאהרהונדערט איז אזא באהן געמאכט געווארען צווישען בארמען און עלבערפעלד אין דייטשלאנד. מיר האבען דיזע באהן אין אונזערע שטאדט שוין פון אנהויב אן געמאכט, ווייל עס איז אויף דעם אופן גרינגער צו בעווע־גען מאסען מענשען און מיט ווייניגער סכנת־נפשות. דאס בויען האט אויך געקאסט ביליגער ווי די גאסען־טראמוואיען.

געהענדיג אזוי בעווארפען די פרעמדע דוד ליטוואק מיט פרא־גען אהן א שיעור: וואס איז דאס? וואס איז יענץ? האט איהר אין פאלעסטינא נאך שטעדט? דוד אבער זאגט צו אלעס שפעטער צו פארענטפערען, אצינד אבער וויל ער, זיי זאלען מיט איהם פאהרען צו איהם אהיים אין זיין פאלאץ פרידריכסהיים, וואס ער האט אויף פרידריכס נאמען אנגערופען צום אנדענקען.

„נו און אונזער שיף?" פרעגט קינגסקארט. דרויף רופט ליטוואק צו א געגער פון זיינע בעדיענטע, וועלכען ער גיט א בעפעהל די יאכט צו בעזארגען. אין ליטוואקס בענעמען זיך האט זיך געפיהלט א בעשטימטער ענערגישער טאן, חאטש ער האט זיך געסטארעט גענוג ליבליך צו רעדען.

XVII

דורכפאהרענדיג אין דעם אויטאמאביל איז דוד ליטוואק פון אלע זייטען בעגריסט געווארען. ער שיינט גאנץ פאפולער אינ'ם לאנד צו זיין. צווישען די בעגריסער האט פרידריך בעמערקט אויך א זעהר בעקאנט פנים און אז ער האט אויף איהם געפרעגט ביי ליטוואקען, איז ער געוואהר געווארען, אז דאס איז זיין אלטער בעקאנטער שיפמאן. שפעטער איז פרידריכ'ן פארגעקומען צו בעגעגענען אין אלטניילאנד נאך פיעל פון זיינע אלטע וויענער בעקאנטע, אפילו זיין אמאל געליבטע ערנעסטינע מיט איהר טאכטער. ערנעסטינע איז, פארשטעהט זיך, אונטער דער צייט אראב פונ'ם פנים. פון איהר אמאלינער שיינקייט איז קוים נאך א זכר געבליבען. דאגעגען האט זי זיך איינגעוואהנט מיט די מנהגים און געדאנקען פון איהר קאמפאניע, איבערגענומען אלע זייערע פיסטעמקעס, אזוי אז זי איז פונקט געווען אנגעמאסטען פאר מאדאם וויינבערגער, די פרוי פונ'ם „מיטשעף ביי דער פירמא וויינבערגער עט זעהנע".

פאהרענדיג מיט ליטוואקען ווערען אונזערע פארוויילדעטע ערשט געוואהר, אז זיי געפינען זיך אין אלטניילאנד און אז פאר זייערע אויגען איז דאס צוריקגעקעהרטע יודישע פאלק ארויס פונ'ם גלות.

קינגסקארט מיינט, אז מע האט די יודען פון אייראפא ארויסגעטריבען. ליטוואק אבער ערקלערט איהם, אז עס איז ניט אזוי פארגעקומען, ווי ער שטעלט זיך פאר. מע האט די יודען ניט ארויסגעטריבען, אזוי ווי מע פלעגט עס טון אין די אלטע יאהרען, נאר מע האט זיי אזוי לאנג דערפיקעט מיט גזרות קשות, מע האט ביי זיי צוגענומען דעם לעצטען ביסען פונ'ם מויל ביז זיי איז אונמעגליך געווארען נאך לענגער אין אייראפא צו בלייבען און זיי האבען געמוזט קומען אויף דעם געדאנק זיך אומצוקערען צו זייער אלטער היים. אזוי טאקי האבען מיר געטאן און אט זענען מיר אציגד אין אלטניילאנד אויף אונזער אלטען טייערען לאנד האבען מיר זיך געמאכט א נייע געזעלשאפט. איהר וועט זיך מיט איהר בעקענען, טייגע הערן.

קינגסקארט שטעלט אב ליטוואקען און ערקלערט איהם, אז ער זאל קיין טעות ניט האבען: ער איז קיין יוד ניט. ליטוואק אבער בערוהיגט איהם, אז חאטש עס געפינען זיך א טייל יודען, וואס ווילען ניט ליידען קיין פרעמדע אין דער נייער געזעלשאפט, זענען זיי דאך זעהר ווייניג און יעדענפאלס ווערען איבערהויפט די מענשליכע אינטערעסען געשיצט. מע פרעגט אין אלטניילאנד קיינעם ניט צו וועלכען גאט ער דיענט. אבי ער איז א מענש איז שוין גענוג איהם אלע רעכטע צו פארשאפען. אלע רעליגיאנען ווערען אין אלטניילאנד גלייך בעהאנדעלט און נעבען די יודישע שוהלען געפינען זיך קריסטליכע קלויסטערס, מאחמעדאנער מסדשעטען און אפילו בודיסטישע און בראמאנישע תפלות.

דורכפאהרענדיג אין די גאסען האבען זיך אונזערע געסט נאר ניט געקאנט זאט אנקוקען די שיינקייט פון די געביידע, דאס גלייכקייט פון די גאסען און שטאדט־פלאן און דאס לעבעדיגקייט פון די בעוועגונג. ליטוואק האט זיי אלע מאל אנגעוויזען: אט דאס איז דער דעפארטאמענט פון ים, דאס — פון מסחר; יענץ — פון ארבייטספערמיטלונג, פון פאלקס־בילדונג, פון עלעקטריציטעט א. ז. וו. א גרויסער שענער פאלאץ האט בעזונדערס זייערע אויגען פארכשופ'ט.

„דאס איז דער דעפארטאמענט פון עפענטליכער ארבייט. דא וואהנט אונזער ערשטער ארחיטעקטאר שטייגעק. ער האט עס געמאכט דעם פלאן פון דער שטאדט". ערקלערט זיי ליטוואק.

„דער מאן האט א גרויסע זאך צו מאכען געהאט", זאגט פרידריך

„גרויס, א ודאי, אבער אויך א פרייהליכע. ער האט געהאט צו שאפען, אזוי ווי מיר אלע, פונ'ם גרייטען. קיינמאל איז נאך אין דער געשיכטע ניט פארגעקומען אז שטעדט זאלען אזוי ראשיג אויפגעבויעט ווערען, ווי ביי אונז, ווייל מע האט נאך קיינמאל ניט געדאט אזוי פיעל טעכנישע מיטעל צו דער האנט ווי מיר האבען היינט. די פעהיגקייטען פון דער קולטורנע מענשענהייט זענען שוין איבריגענס אין סוף פון יענעם יאהרהונדערט גענוג גרויס געווען. מיר האבען נאר געדארפט נעמען גרייטע זאכען און זיי איבערפלאנצען ביי אונז אין אלטניילאנד. ווי אזוי דאס איז געמאכט געווארען וועל איך אייך נאך שפעטער דערציילען".

דעם לעצטען געדאנק, אז אין אלטניילאנד איז אייגענטליך קיין נייעס ניט געשאפען געווארען. הזר'ט זיך אינ'ם ביכל גאנץ אפט איבער. ניט אהן כונה איז עס ד"ר הערצל מטעים אזוי פיעל מאל. ער וויל דערמיט זאגען, אז זיין פלאן דורכצופיהרען איז גאר ניט אזוי שווער ווי מע שטעלט זיך פאר. מע דארף גאר ניט בעשאפען קיין נייעס; מע דארף נאר דאס אלטע, אבער דאס בעסטע פונ'ם אלטען, פון דער גאנצער וועלט צונויפצונעמען און דאס אלעס אינאיינעם צונויפשטעלען. דעמאלט בעקומט מען שוין עפיס נייעס און דאך אלטעס, — יעדענפאלס אבער דאס בעסטע און פאלקאמענסטע פון דער גאנצער וועלט.

(פארטזעצונג קומט). משה קליינמאן.

— — —

# אבגעפאלענע בלעטער.

ניט קיין גלענצענדע עפאכע פון אונזער געשיכטע, וואס מיר קאנען אויף איהר שטאלץ זיין, וויל איך אייך פארפיהרען, ניט קיין זכרונות, וואס דערפרישען דאס הארץ, וויל איך אייך דערציילען: נאר א טרויעריג פינסטער בילד וועל איך אייך פארשטעלען, א בילד גענומען פון די בלוטיגע בלעטער פון אונזער געשיכטע.

א שטורם האט אויסגעבראכען אויף אונזער פאלק מיט פיער הונדערט יאהר צוריק אין ראמאנטישען צויבערלאנד שפאניע. דער שטורם האט געוואלט אויסרייסען אונזער פאלק פון שרש, איינברעכען אונזער שטאם. דער ווינט האט אבער ווייניג אויסגעפיהרט, דער שטאם פון אונזער פאלק איז געבליבען איינגעווארצעלט פעסט... עדות זענען די יודען, וואס האבען איבערגעלאזען דארט זייער גאנץ פארמעגען און אין 1492 יאהר אוועקגעלאפען, וואו די אויגען האבען זיי געטראגען. אבער די פארפוילטע בלעטער, די נישט געטרייע קינדער, זיי זענען געבליבען דארטען וואהנען. ווער קען זיי ניט, אדער ווער האט פון זיי ניט געהערט? די שוואכע קראנקע נפשות, וואס האבען זיך אבגעזאגט

פון פאלק, ווייל עס האט זיי געפעהלט מוט... ווער קען ניט די ארעמע באשעפענישען, וואס ביי זיי איז רעכט געווען צו פארקויפען זייער נאציאנאלען געפיהל, אבי קאנען בלייבען אין לאנד? אין שפאניע רופט מען זיי „יודישע קריסטען", „מאראנען", „אנוסים"! פון די דאזיגע אנוסים וועל איך רעדען אין מיין היינטיגען ארטיקעל.

אנגעהויבען האט זיך דאס אם ענדע פון יאהר 1400. פון איין זייט די רדיפות, וואס יודען האבען געהאט פון זיי צו ליידען נאר ווייל זיי זענען יודען, דערצו האבען נאך געהאלפען די דרשות פון די דאמיניקאנער קנאים, דער עקר אבער דער „כבוד", וואס האט פיעל יודען די אויגען פארבלענדט. דאס אלעס אין איינעם האט דער קאטאלישע קירכע אין שפאניע געבראכט א גרויסע צאהל משומדים. אין יאהר 1391 אליין האבען זיך גע'שמד'ט איין ערך פון צוויי מאל הונדערט טויזענט יודען. צוואנציג טויזענט האט דער פאנאטישער פרעדיגער פערער פיצענטע מיט זיינע איינענע הענט געטויפט. ניט ווייניג האבען זיך גע'שמד'ט אים יאהר 1412 ביי דעם וכוח, וואס איז געווען אין טארטאזא, און ביי יעדער עלילת־דם, וואס די קאטאליקען האבען אלע פאר וואכען אויסגעקלערט. אים אנפאנג פון פינפצענטען יאהרהונדערט איז שוין דאס שמד'ען אריין אזוי ווי אין דער מאדע און אין צפון זייט פון שפאניע האט אנגעהויבען די צאהל פון די משומדים צו וואקסען פון טאג צו טאג; עס האט שוין אזוי ווייט געהאלטען, אז א יודישע געמיינדע האט געמוזט איינשרייבען אין איהרע פראטאקאלען און ספרי־זכרונות, וואס זי פלעגט ארויסגעבען איין ארימען יודען וועגען אונטערשטיצונג, אז ער איז ניט קיין „מאראנע". אזא מין כתב פון א מאל ליגט אין די בערלינער קעניגליכע אוניווערזיטעטס־ביבליאטהעק. עס זענען אפילו א סך מאראנען, נאך דעם אז זיי האבען זיך שוין געשמד'ט, אוועק געלאפען און גענומען וואנדערען איבער די וועלט. אנדערע האבען געוואלט דורך דעם וואס זיי ריכטען אב גלות, מיט דעם „נע־ונד" זיין מכפר זיין אויף זייערע שווערע זינד, וואס זיי האבען בעגאנגען; אנדערע האבען איינפאך ארום געוואנדערט זוכען איין ארט, וואו זיי זאלען אונגעשטערט צוריק קאנען האלטען יודישקייט. אונטער די הערשאפט פון יאהאן II איז א סך מאראנען געראטען צוריק יודען צו ווערען. דאס רוב איז אבער געבליבען ביים נייעם גלויבען ביז מען די מאראנען אין יאהר 1473 אהן רחמנות אויסגע'הרג'עט און אין 1480 די אינקוויזיציע איינגעפיהרט.

די מאראנען זענען בעשטאנען פון צוויי יסודות: פון יודען, וועלכע זענען געווען פעסט אין זייער גלויבען און האבען אבגעהיט אלע יודישע מנהגים, און פון יודען, וואס זענען בכלל געווען קאלט־בלוטיג אין רעליגיעזע בעציהונגען, אבער ביידע האבען קיין מאל ניט געחלומ'ט מיט'ן גאנצען הארצען אנצונעמען דעם גלויבען, וואס זיי האבען ניט ווילענדיג אנגענומען. דאס האבען אויך די קאטאליקען איינגעזעהען, ווי עס האט זיך שוין א שפאנישער קעניג אמאל אויסגעדריקט: „דרייערליי וואסער איז ווי פארלארען: דאס וואסער, וואס לויפט אין ים, דאס וואסער אין וויין, און דאס טויפוואסער אויפ'ן יודען".

פיעלע מאראנען, וואס בשעת זיי זענען געווען יודען, האבען זיי ניט פיעל געהאלטען פון די יודישע דינים און מנהגים, און אין גלויבען זענען זיי געווען קאלט, האבען נאך דעם שמד'ען געשטעלט זייער לעבען אין סכנות צוליב דעם קלענסטען יודישען מנהג, וואס זיי האבען בעדארפט אויספיהרען. אזוי שרייבט א קאטאלישער גייסטליכער וועגען דעם צום קעניג:

„אפילו אין דער גרעסטען קעלט וועלען די מאראנען שבת קיין פייער ניט אנצינדען, דעם אויווען ניט איינהייצען, זיי וועלען ליבער זיצען און פרירען. אין די ימים נוראים לויפען זיי און באהאלטען זיך אין גריבער און טאלען, כדי זיי זאלען קאנען אונגעשטערט זייער שופר בלאזען. מיט אלע קונצען דרייען זיי זיך ארויס, זייערע קינדער ניט צו טויפען, און אז זיי טויפען שוין יא, וואשען זיי די קינדער תיכף אב מיט וואסער, זיי האבען זיך בסוד זייערע שוחטים, וועלכע שחט'ען זיי בהמות און עופות. איך קען איינינגע וואס עסען א גאנץ יאהר מצה, כדי זיי זאלען פסח אויך קאנען עסען מצה, און זיי זאגען אז דער רופא האט זיי פארבאטען חמץ צו עסען".

כל זמן די צאהל פון די גע'שמד'טע איז געווען קליין און די סבה פון שמד'ען זיך איז געווען א נידריגער מאטיוו, ווי למשל דער חשק צו כבוד, אדער רוהיג לעבען, האבען די יודען די מאראנען פיינד געהאט און האבען זיי בעטראכט ווי שונאים, נאר וואס מעהר די צאהל פון די מאראנען איז גרעסער געווארען, און דער מאטיוו איז עפים איידלער געווארען, האבען די יודען אנגעהויבען זיך בעסער צו בע־געהן מיט די אנוסים. מען האט זיי בעטראכט ווי קראנקע געביך, קרבנות פאר זייער איינענער קליינמוט, וואס פארדינען מעהר רחמנות ווי שנאה.

אזוי שרייבט ר' סעדיה אבן דנן, א רב, וואס האט געלעבט ענדע פינפצעהנטען יאהרהונדערט: „עס איז א גרויסער חלוק צווישען די געשמד'טע פון פאריגען יאהרהונדערט, וואס האבען זיך געשמד'ט כמעט מיט'ן פרייען רצון, און די אנוסים פון דער לעצטען צייט. די איצטיגע אנוסים, זאגען אפילו מיט די ליפען, וואס זיי מוזען זאגען, דאס הארץ גלויבט אין גאנץ איינינקייט".

„די אנוסים — שרייבט שלמה דוראן — דארף מען פון זיך ניט פארשטויסען, אדרבה, צו ציהען מוזען מיר זיי און מאכען זיי נעהענט צום יודענטום". פון דעם קומט, וואס אין פיעלע רעליגיעזע בעציהונגען ווערען די מאראנען גלייך געשטעלט מיט יודען. דוראן האט אפילו א הספד געמאכט אויף איין אנוס, וואס איז געשטארבען, און האט איהם אנגערופען „צדיק". דער בונד צווישען די יודען און די אנוסים איז געווארען אלץ שטארקער. אז די קאטאליקען האבען אנגעהויבען שארפער צו אונטערזוכען, און די אנוסים נאך צו קוקען אויף יעדען שריט און טריט און די זאך איז געווארען מסוכנ'דיגער, האבען די מאראנען א גרויסע אונטערשטיצונג געקריגען ביי די יודען, זיי זאלען זיך אויספיהרען יודיש; די יודען האבען ניט געלאזען די קראנקע ברידער אהן הילף.

אנדערש אבער איז געווארען מיט דער קירכע. אנפאנגס האבען דאס ביסל מאראנען זיך געקאנט מיט די קריסטען אויסמישען און אסימילירען. אז די צאהל פון די משומדים איז אבער גרעסער געווארען, האט שוין דער בעריהמטער גוטער מאגען פון דער קאטאלישען קירכע זיי ניט געקאנט פארדייען. עס האט זיך א בייער סארט געביל־דעט. דער סארט פון דעם וואס מען רופט אלבאראטיק. דאס איז א שפאט־נאמען געווען פאר די נייע קריסטען, א קלאס וואס זענען ניט קיין יודען, ניט קיין מאחמאדאנער און אויך ניט קיין קריסטען.

„וואס נוצט עס דער קירכע“ — שרייבט א גייסטליכער — „וואס די מאראנען הייסען פעטער און פאול, אז אין דער אמת'ן זענען זיי פאר אונז דאס זעלבע ווי עקיבא אדער טרפון“. אין דער נויט האט זיך די קירכע ארומגעזעהן, אז מען מוז עפּיס טון. לכתחלה האבען די קעניגע ניט געוואלט העלפען די קירכע; פון איין זייט איז זיי די גאנצע מעשה ניט געווען ניחא, אויסער דעם זענען זיי געווען בעשעפטיגט מיט פאליטישע אנגעלעגענהייטען און האבען זיך ניט געקאנט אריין לאזען מיט די גייסטליכע אין איהרע אינטריגען. די אדעליגע האבען אויך ניט צוגעזאגט זייער הילף. ערשטענס האבען זיי על פי רוב געהאט א פרייעם בליק אויף דער וועלט: זיי זענען אלזא מיט די גייסטליכע ניט געווען בידידות אויסערדעם איז טאקי א גרויסער טייל פון דעם אדעל געווען זעהר בעפריינדעט מיט די נייע קריסטען, זיי זענען. מיט זיי זאגאר מחותנים געווען. בכלל איז דער שטרייט געגען די מאראנען ניט אזוי לייכט געווען, ווייל די מאראנען האבען א גרויסע שטעלונג אריינגענומען אין דעם סאציאלען און פאליטישען לעבען, זיי זענען געווען שופטים, נאטשאלניקעס, אדוואקאטען, פראפעסארען, זיי זענען געזעסען אין סענאט, אפילו אין די גייסטליכקייט האבען אויך קיין מאראנען ניט געפעהלט. אין סעגאוויא, בורגאס, קאלאהארא זענען געווען בישעפע און ערץ־בישעפע, וואס זייערע עלטערן זענען געווען פוי די אנוסים. פון די אינקוויזיציאנס־ליסטען, וואס פיטא האט פארעפענטליכט, שטעלט זיך ארויס א גאנצע מאסע גייסטליכע, וואס זענען אליין געווען מאראנען און האבען בסוד זיך אויפגעפיהרט יודיש אין אלע זאכען, אפילו גייסטליכע אונטערזוכונגס־ריכטער זענען געווען מאראנען. בשעת דער קעניג עמנואל פון פארטוגאל האט געהייסען איינמויערען לעבע־דיגערהייט דען מערטירער שמעון מיינ'י, האבען איהם נאך 3 טעג, אז ער איז געשטארבען, מאראנען ארויסגעגנב'ט און געבראכט בסוד צו קבר ישראל.

די קירכע האט דאס אלץ בעמערקט און זי האט זיך געזוכט צו העלפען, נאר זי האט קיין הילפע פון קיינעם ניט באקומען. א סך האבען אפילו אין שטילען גערעדט, אז עס וואלט שוין גלייכער געווען ערלויבען די מאראנען צוריק יודען צו ווערען, וועט ווייניגסטענס דאס קריסטליכע לאגער בלייבען רוהיג בעשיצט. נאר די קירכע האט דאס ניט געטאן, זי האט זיך געווענדט צום גאנץ נידריגען קלאס אין שפאניע. דער נידריגער קלאס מענשען האט זיך אנגעהאפט אן דער מצוה, ראטעווען די קירכע און זיי האבען באשאפען די אינקוויזיציע. די יודען האט מען כמעט פריי געלאזען און ניט געזארגט זיי צו הייליגען, דער גאנ־צער כעס האט געברענט נאר אויף די מאראנען. יודען זענען געווען בעליבט אין קעניגליכע הויפען, ווי אברבנאל, אברהם סעניאר און זענען געזעסען רוהיג, נאר גראד די מאראנען, וואס האבען געמיינט, אז זיי זענען שוין ניצל געווארען פון אלע צרות דורך דאס שמד'ען זיך, זיי האבען ערשט אנגעהויבען צו פיהלען צרות... ניט ווייניגער ווי צעהנ־טויזענט מאראנען האט דער גרויס אינקוויזיטאר טארקוואמאדע זעלבסט אין פייער געווארפען, איין ערך פון הונדערט טויזענט האט ער אויף לעבענס לאנג אין אסטראג געווארפען. און אז די קעניגין איזאבעלא האט גוזר געווען, אז מען זאל אלע יודען פון שפאניע פארטרייבען, האבען די מאראנען נאך געקוקט מיט קנאה, און זיי וואלטען זיך שוין געוואונשען אין זייער לאגע צו זיין, — עס איז אבער שוין געווען פארפאלען. די גזירה פון גירוש ספרד האט געהאט דעם צוועק, אז די מאראנען זאלען ניט האבען מיט די יודען קיין בונט, און זיי זאלען ניט האבען קיין אונטערשטיצונג אין יודישען גלויבען.

פארלארען האבען די יודען זייער היים אין שפאניע, דערפאר אבער האבען זיי זייער מוט מיט גענומען אין גאנצען. מיט שמאלצען זעלבסטבעוואוסט זיין וואנדערט פון דעמאלט אונזער פאלק און עס וועט דעם מוט און לעבענס־קראפט קיין מאל ניט פארלירען.

ד"ר יצחק וויערניקאווסקי.

## ליטעראטור און קונסט

— אין בערן האט אנגעהויבען ארויסצוגעהן א נייע צייטונג מיט דעם נאמען „ציוניסטישע קארעספאנדענץ“. די צייטונג געהט ארויס איינ־מאל א וואך און ווערד רעדאגירט דורך ד"ר פאסמעניק און פינקוס.

— דער יודישער פערלאג אין בערלין האט אפגעדרוקט א קליין ביכל, אין וועלכען עס איז בעשריבען אלץ וואס אין קישינוב איז פארגעקומען בשעת דעם פאגראם מיט איניגע פאטאגראפישע בילדער. דער פרייז פון ביכל איז 1 מארק און געהט לטובת די פאראומגליקטע יודען אין קישינוב.




### I. אלגעמיינע נייעס.

— צו דער בעוואוסטער פראנצויזישער אקאדעמיע פאר אונשטערב־ליכע, אין וועלכער מען קלויבט אויס די גרעסטע פראנצויזישע מענער אלס מיטגלידער, האט מען בעשלאסען צוצולאזען פרויען אויך אלס קאנ־דידאטען. צו דער אקאדעמיע האט מען פארגעלעגט אויס צו קלויבען פרוי סעווערין, די רעדאקטארען פון דעם פראנצויזיש בלאט „לא פראנר“ און די ראמאן־שרייבערין זשיפ.

— דאס מיניסטעריום אין רוסלאנד האט ערלויבט פרויען צו בע־טרעטען שטעלעס אלס לאבארענטען און קאנטראליערען אין דעם הויפט דעפארטאמענט, וואס האט צו זאגען אויף געוויכט און מאסען.

### II. יודישע נייעס.

— דער יודישער פרויען־פעראיין, וועלכער ניט השגחה אויף די יודישע מיידלעך אין פעטערסבורג, האט איינגעפיהרט צו לערנען מיט ארימע יודישע מיידלעך אלגעמיינע וויסענשאפט יעדען אבענד.

— פרוי ד. א. נעמיראווסקא אויס קיוב האט מנדב געווען 1500 רובל, מען זאל מאכען א בעזונדערע אבטיילונג פאר יודישע שווינדזוכט־קראנקע ביי דעם סאנאטאריום אין באיארקי ביי קיוב.

— מאדאם קריינין אויס באקו האט צוזאמענגענומען זעהר פיעל קליידער און האט עס אוועקגעשיקט אין קישינוב פאר די פאראומ־גליקטע יודען.

## שלעכטע בעל־הבית'טעס.

איינער פון די הויפט־תנאים פון לעבען איז א ודאי די נאהרונג, און פונדעסטוועגען זארגען מיר וועגען דעם צום ווייניגסטען. דאס הייסט מיר זארגען גישט צו עסען אזויגע שפייזען, וואס זענען ווירקליך געזונט און קרעפטיג, נאר מיר זארגען, אלע אונזערע קלאסען, סאי דער פראסטער אומגעבילדעטער עולם, סאי די העכערע אינטע־ליגענטע קלאס אויף נעבען־זאכען. די ערשטע, דער פראסטער עולם, זוכט נאר אבי אנצושטאפען דעם מאגען, און די אינטעליגענטע — עס זאל זיין וואס געשמאקער, אבי צו פריעדען שטעלען דעם חוש הטעם.

דאס קומט אלץ ארויס פון דעם, וואס א טייל פון אונזערע בעל־הבית'טעס האלטען דאס זארגען פאר דער קיך פאר א טפל־זאך, בפרט נאך זייט עס איז ארויס דאס קאך־בוך, דארף מען דאך גאר אפילו מיט די אויגען נישט אנצוזעהען די קיך. — וואס איז היינט, זונטאג? — זונטאג שטעהט אין קאך־בוך זאל מען נעמען אזוי פיעל און אזוי פיעל פלייש, אזוי פיעל און אזוי פיעל גרויפען, אזוי פיעל און אזוי פיעל צוקער און אזוי טוט אונזער בעל הבית'טע. א בעסערע בעל הבית'טע טרויט נישט די קעכין און וועגט אלץ אליין אב מיט די אייגענע הענט, איז זי דאך א ודאי שוין יוצא. קומט שבת, צי יום טוב אדער געסט דארפען קומען און מען ברויך צו גרייטען אביסל א שענערען מיטאג, א פיינעם בוליאן, עפיס דעליקאטעס, דארף מען אויך נישט שטארק דעם קאפ ברעכען, אלע איז דא אין קאך־בוך, מיט אלץ האט מען אייך בעל־הבית'טעס פארזארגט. צוגעוועגט דער דיענסט די אלע אויסגערעכענטע שפייזען פון בוך, קאן מען זיך באלד צוריקנעמען צו דער געוואהנליכער, אינטערעסאנטער ארבייט פון טאג, צו לייענען א פוסטען ראמאן אדער ווען עס קומט אריין א שכנה, צו בערייהדען און אנצוטרייבען רכילות אויף איין אנדער שכנה, וואלטען אונזערע בעל־הבית'טעס אבער באמת געזארגט פאר דער קיך, זי זאל אונז צוגרייטען אמת'ע געזונטע און געשמאקע שפייזען, וואלטען זיי זיך נישט פארלאזט אלץ אויף דער קעכין, וואס ווי טריי און ווי איבערגעגעבען זי זאל נישט זיין, איז זי פארט א פרעמדע און יעדער ווייסט דאס שפריכווארט: „מיט פרעמדע הענט איז גוט פייער צו פארשארען". און דאס איז גאר נישט אזוי שווער ווי מען שטעלט זיך פאר, מען דארף גאר וויסען ווי אזוי די שפייזען ווערען חעמיש צוזאמענגעזעצט און אייער חוש הטעם וועט אייך שוין אויסלערנען צו קאכען און צו באקען די געזונטסטע און געשמאקסטע שפייזען.

מיר הייבען אן פון זופ. ביי אונז איז אנגענומען, אז אין קיין שום עסען דארף זי נישט פעהלען. ווי וויט עס איז באמת נייטיג צו האבען זופ צו יעדען עסען וויל איך דא נישט דערקלערען. איך וויל אייך גאר זאגען, אז די ענגלענדער, וועלכע זענען גרויסע מבינים אין עניני אכילה, האלטען גאר ווייניג פון דעם דאזיגען מאכל.

נאר לאמיר אייך שוין נאכגעבען, אז זופ איז טאקי א הויפט מאכל, פון וואנען דער מענש ציעהט דאס גאנצע, חיות; אבער ווי אזוי גרייטען אונזערע בעל־הבית'טעס, איך מיין אונזערע קעכינס לויט די פעראָרדענונג פון זייערע בעל־הבית'טעס? וואס הייסט אייגענטליך זופ? — זופ הייסט דער סאק (זאפט) פון פלייש, וואס צעגעהט אין וואסער. און איהר זוכט דעריבער א קעכין, וואס זאל גאר זיין א זויבערע, זי זאל אלץ האלטען ריין, אלץ מוז זיין שפיגעל־בלאנק. א ודאי שפילט ריינקייט איינע פון די הויפטראלעס אין די מענשליכע געזונטהייט, אבער אלץ איז גוט אין דער מאס. וויפיעל איז דען דער שיעור צו וואשען דאס פלייש? פאר דעם זאלצען ווייקט איהר דאך דאס פלייש א ½ שעה, וואס איז ווידער דאס וואשען און דאס שווענקען, וואס פאר א שמוץ קאן אייגענטליך זיין אין פלייש, עס קאן נאר העכסטענס זיין א ביסל שמוציג פון אויסוועניג פון די הענט וואס האבען עס געהאלטען, נו, דארף מען שוין דעריבער גאנצע ברונענס וואסער אויסגיעסען, אז מען זאל קאנען אין קיך שווימען? מען רעדט שוין נישט פון דער ארבייט, וואס ארט די בעל־הבית'טע, אז די קעכין בעקומט געשוואלענע הענט פון דער ארבייט? אבער עס ציעהט דאך ארויס די בעסטע קראפט פון פלייש. דעם בעסטען סאק ציעהט עס ארויס פון פלייש! דערנאך לעגט איהר דאס פלייש אריין אין טאפ מיט וואסער, שטעלט עס צו צום פייער און נו קאכט עס, — איהר זייט זיך גאר מחיה הערענדיג ווי דאס וואסער פליאסקעט און בלעזעלט זיך, דערקוויקט זיך מיט דער פארע, מיט דעם ריח, וואס שלאגט אייך פון קיך אריין. איהר ווייסט גאר נישט, אז דער אנגענעהמער ריח, וואס איהר פיהלט איצט, נעמט צו דאס גאנצע קראפט פון זופ, דען דער הויפט־קראפט פון פלייש ליגט אין דעם סאק, וואס די געלעהרנטע רופען עס אן „אלבומין" און דאס ווערד פארשוואונדען ביי 60 גראד היץ און וואסער קאכט אויף נאר ביי 80 גראד, און אזוי קומט אויס, אז דער גאנצער קראפט פון זופ איז פארלארען געגאנגען בשעת דאס קאכען. איהר קוקט זיך צו ווי דער „אלבומין" פערוואנדעלט זיך אין א מין שמוציגען שוים, און טאמער דערזעהט איהר, אז די קעכין נעמט נישט אזוי געשווינד אראב דעם דאזיגען שוים, בייזערט איהר זיך אויף זי, עס איז דאך שמוץ! שרייט איהר. און איך פרעג אייך פון וואנעט נעמט זיך דער שמוץ? איהר האט, דאכט זיך, דאס פלייש געוואשען אין 7 וואסערן, דער טאפ צי די ראנדעל זענען אויך ריין, דאס וואסער איז אויך ריין. נאר איהר האט א טעות, דאס איז נישט קיין שמוץ, נאר דאס איז דאס בעסטע, דאס טייערסטע, צוליב וועלכע מיר עסען דאס פלייש, דאס איז דער אלבומין. איהר ווילט מיר נישט גלויבען אויפ'ן ווארט, איהר ווילט זיך איבערצייגען, קאנט איהר מאכען א גאנץ לייכטע פראבע. נעמט א שטיק פלייש, שניידט ארויס פון אלע עקען צו דיקע, מיטעלסטע שטיקלעך, און לעגט עס אריין אין דיסטילירט וואסער, וועלכע מען בעקומט אין יעדע אפטייק פאר 5 קאפעקען, און איהר בעקומט די אייגענע „שמוץ", דעם אייגענעם שוים. דאס איז דער ערשטער כלל: קוים הייבט דאס וואסער נאר אן צו קאכען, מוזט איהר דעם טאפ אוועקנעמען פון שטארקען פייער, זאל דאס וואסער נאר ארומלויפען בשעת דעם קאכען פון איין עק צום אנדערען. דעם „שמוץ" זאלט איהר נישט ארויסווארפען — לעגט עס אריין אין א סאיס, ווען אייך איז אזוי שווער זיך אבצוזאגען פון דעם געדאנק, אז דאס איז שמוץ און עס עקעלט אייך דאס צו עסען. אמת, ביי נישט קיין גרויסען פייער וועט דער זופ נישט אזוי גיך פארטיג ווערען, נאר מיינט נישט, אז זופ קאן מען אין צוויי שעה אבקאכען: דאס וועט נישט זיין קיין זופ, גאר הייסע וואסער, אין וועלכע עס שווימען ארום שטיקער צעשמאלצענע שמאלץ. א גוטער זופ דארף שטעהן אין אויווען אדער ביי נישט קיין גרויסען פייער נישט ווייניגער ווי 5 שעה. דאס פלייש דארף מען בעגיסען מיט קאלטע וואסער, און בעגיסען דארף מען עס אזוי, אז דאס וואסער זאל נישט אריבער איבער דער כלי. פאר יעדען מענשען ברויך מען א האלב פונט פלייש. צופיעל איבערגעקאכטע פלייש לוינט נישט צו עסען, ווייל עס האט שוין אין זיך קיין שום נאהראפטעס און ברענגט דעם מענשען קיין טראפען בלוט נישט צו.

הע לע נא סקאפין.

רעדאקטאר: מ. ספעקטאר.
פערלאג „פאלקסבילדונג".

Herausgeber Verlag Volksbildung, Verantwortlicher Redacteur Moses Deutscher, Krakau, Druck v, S, L Deutscher Podgorze b .Krakau

## אויף דעם זאמעל־בוך „הילף“

וואס די גאנצע הכנסה געהט פאר די פאראומגליקטע יודען אין קישינוב.

**(פרייז 1 רובל מיט פארטא)**

**אדעסע**: שארגאראדסקי ס. — **אומאן**: גארנשטיין ש., זוסמאן ג. מ.' טאלסטאנאגי ש, כהן י., לעווין י. א., מאגנאט מ. מ., עטינגער מ., עטינגער מ. י., סקליארעוועקי ע., פוקעלמאן ח., פריינקעל ז., קאזארינסקי א. — **אלושטא**: האז ב א — **אננעסקי מאסט**: פרץ ג. ר. — **אסטראחאן**: לוריא ד"ר מ. י. (5 עקז.). — **באגוסלאוו**: ראווינסקי ג. — **באחמוט**: ברזשאזעק ל. א., סיראטא ב. מ, פרידמאן ב. ב. — **בוקי**: זינגער נ. — **ביעלצי**: ברוינשטיין י, ברוינשטיין י, וויינמאן א, זאק, זוסמאן י. זוסמאן מ' יאנקלעוו טש, מארגינשטיין, סאנדילמאן, קאטלר, ראבינאוויטש, רויזענבליט ש., שוחמאן צ., שור י., שטיינבערג י., שטיינווארץ ב, צ — האבען אויסגעשרי-בען 10 עקז. — **בעריאזאווקא**: ביאלאגלאווסקי י. (2 עקז), גאלדאק סימע (2 עקז.), מאסיס וו. (2 עקז.). — **גלאסגאוו**: (שאטלאנד): אדלער א, בערג-שטיין ה, האנדעלמאן ה. — **דוחאווישצינא**: קאציסקי י. — **דעראזשניא**: פונדיק ש. — **הארaבאק**: וועבער א. (2 עקז.). — **האראדישצע**: גאלד-ארבייטער מ. — **ווילנא**: זאנעציק ש, וויינשטיין י., טיינאוויין ה., לאם ג. ל. — **וועטלוגא**: יפה א — **זאווערצע**: ראזענס ס. — **חארקאוו**: ליפשיץ ב. מ, פינקאסאוויטש א. ב. — **טיפליס**: זיסקאוויטש מ — **יאמפאל**: ארזשיח י. — **יעקאטערינאסלאוו**: כהן מ., קליין ש. — **לאדז**: בערזעזינס-קי י., וועגער, טיבערג מ, טאבאק צ. יפה ל, יאקאבאוויטש י, לוויטינבערג ה., לוויטינבערג מ, לוויטינבערג צ. י, קירץ ר. (4 עקז.), שולמאן א. (2 עקז.) — **מאלמא** (שוועדען): ראקאווסקי. — **מאנאסטירער**: לעמבערג ז. — **נאוואביקאוו**: טעאוש פ., ליבמאן מ., מאזיראוו ש. — **נאוואסעליצא**: טראסאוואוצקי מ. — **נאוואפאלטאווקע**: ביבליאטעקע (2 עקז.). — **סטאוו־ראווא**: גארדאן-קליאצקא ג. ל. — **סימפעראפאל**: ראדע מ. פ. — **עללעי**: מאנדעלשטאם ז. — **פאטי**: שמוקלער ת. י. — **פאמפיאני**: טוביאש ל. — **פאקראווסקאע**: לאמאווסקי ד. — **פסקאוו**: הענדעל א. — **פענזא**: יוראוו-סקי י. — **צירייך**: בערסקי (2 עקז.). — **קאלאראש**: בערמאן י, גאזשאנ-סקי ד., געלמאן י., גראבויס י., גרינבערג ה., הערליכמאן מ., וויינשעלבוים ד, ווינאקורי, זינגער א., זעווין נ., לעמבערג י., סאחין י., פארטנאי מ, פיכ-מאן א, קאפלאן א., קריזשעווסקי ז. — **קאמראט**: קאנטאר י. — **קאנאטאפ**: ביבלוותיקה ציונית, זאליעווסקי י., יאווצינאווסקי ל., יאווצינאווסקי ש. ה. יודא-וויץ ל., לוריא ג., מיטעלמאן מ., רובין ש., ריפשין ז. — **קלינדי**: בכרך ש. — **קערשט**: זוואנקין ב. ק. — **קראסניק**: האלצמאן ל. — **קראקינקאווא-**ראטמאן מ. — **ראווענסקאע**: פריזמאן ג. — **ריאסני**: לעווין א. — **שיראֵ-קאיע**: ליטווין ז. — ס"ה 149 עקז.

---

## נדבות

פאר די פאראומגליקטע יודען אין קישינוב דורך די אדמיניסטראציאן יודישע פאלקסצייטונג אין קראקוי.

מ. אראנאוויטש (ווארשא) — 1 ר'; בעטטע שמואלאוויטש (עללעי) — 50 ק'; מ. זילבערמאן (ווארשא) — 50 ק., יוסף לופאלאנסקי (זאבנא) 79 ק.:

**פאר די יתומים אין קישינוב** לויט דעם פארשלאג פון אוכישקין ג. ר. פרין (סט. אננענסקי מאסט) — 7 ר'.

---

## לעזט ביכער

אין 5 שפראכען

אין צוקערמאנ'ס לייה-ביב-

213 ליאטהעק 10—6

**ווארשא, נאלעווקי 7.**

**„Chromolin"**

„כראמאלין" דאס איינציגע ניט שאדליכע מיטטעל צום פוצען און קאנסערווירען שוהווערק, מאכט א זעלטענעס גלאנץ פערקויף אין שוהווערק מאגאזינען און אפטעקע (209) סקלאדעס 12—8

אגענטען ווערדען געזוכט

L. Schneider,

Warszawa Nowy-Świat 34.

## היימישע מיטטאגען!

צו מעססיגע פרייזען, אויך פער-שיעדענע צייטונגען צום לעזען ביי

**אהרן משכיל-לאיתן**

ווארשא, גענשע 13, וואהנונג 7, 50-14 אין טהויער, 2 שטאק. (192)

פאבריק פון פייערפעסטע 10 15 199

**אייזערנע קאססעס**



עמפפעהלט איהר איוס-ארבייטונג נאך נייעסטעם סיסטעם, קאנקורירט מיט די פרייזען אין פערגרע-סערט די №№. געגען אנדערע פאבריקען פרייז קוראנטען פראנקא

Ш. Хари, Варшава, Новолипье 40

## י. שעקמאן. ווארשא.

פאבריק פון זילבער 84 פראבע

(128) עט פלאטטע-וואארען. 26 50

Е. ШЕКМАНЪ Варшава, Налевки № 20.

**הוצאת „ישרון".**

בימ"ס „ישרון" מלא וגדוש בכל הספרים החדשים שיצאו לאור מכל בתי הדפוס העברים וגם בספרים עתיקים יקרי הערך והמציאות, קונה ומוכר ספרים וביבליותיקות גדולות מכל מיני ספרים עברים. נכנס לרשות הוצאת „ישרון"

**אלבום ארץ ישראל והמושבות**

מאת ש. ראפאלאוויץ וזקס. פנין יקר כזה לא היה עוד בספרותנו.

שבעים וחמש ציורים ממראות הארץ וממקומות הקדושים וממושבות אחינו בארה"ק. והולדות המושבות וראשית התיסדותן.

כתוב הוא עברית ואשכנזית.

האלבום הזה ראוי הוא להיות בכל בית ישראל לנוי ולקשוט.

מחירו 3 רו"כ, בכריכה יפה 75 3 עם פורטה. למו"ס ואגדות ציוניות הנחה הגונה.

Книгоиз. „Iешурунъ", Вильна

Verlag „Ieschurun" Wilno Russland.

---

איינציגע ברוכבענדער, וועלכע היילען גרינדליך נאך קורצעם געברויך זינד נור „אלעקסאנדערס"

## נייעס!! נייעס!!

### ברוכבענדער עלעקטרא-גאלוואנישע



היילען גרינדליך נאך קורצעם געברויך, און נאך 3 מאנאטליכען טראגען ווירד דער ברוך גענצליך אויסגעהיילט. — זיי האלטען גוט איין דעם ברוך און דריקען נישט דעם קערפער, וועהרענד אהנע עלעקטריע איז דאס אונמעגליך. ברוכבענדער פיר פרויען, עלאס-טישע גוממי שטרימפפע פיר גע-שוואלענע פיס, ברילען מיט ווענעציאנישע גלעזער, וועלכע שטערקען די אויגען, אפאראטע פיר העמארוידען, אויך אנדערע כירורגישע און אפטישע ארטיקעל עמפפעהלט צו פאבריקס פרייזען די לאנג יעהריגע פירמא

Хирургическо-Оптическій магазинъ

подъ фирмою Александеръ Сенаторская 22, Варшава

דא עס האט זיך געצייגט אז מען מאכט נאך אונזערע ברוכבענ-דער, ביטען וויר איינמערקזאם צו זיין אויף די אריגינאלע מיט'ן שטעמפעל פון אונזער פירמא.

וויר בעזיצען הונדערטע דאנקשרייבען פון די יעניגע וואס האבען געטראגען אונזערע ברוכבענדער.

ביי בעשטעלונגען פער פאסט דארף מען נור איינשיקען דאס מאס פון קערפער 149 הערום. — פרייז 1 זייטיגע 6 רובל, 2 זייטיגע 10 רובל. 13 50

די פירמא עגזיסטירט זייט 1885 יאהר.

---

**Интересный и наилучшій подарокъ себѣ и знакомымъ.**

Не дорого и красиво и каждому доступно воспользоваться этимъ случаемъ. **Только за 1 р.** мѣдная надверная доска, красиво гравированная (имя, отчество и фамилія заказчика) черной эмалью, весьма красиво и изящно отдѣланная и отполированная. Имѣется также большой выборъ усовершенствованной домашней типографіи по самымъ дешевымъ цѣнамъ. Каждому доступно подарить себѣ и дѣтямъ, можно самимъ составить разные тексты. Мастерская также изготовляетъ всевозможные каучуковые штепеля, сургучныя и рельефныя печати, по умѣреннымъ цѣнамъ.

**Пріѣзжимъ мастерская изготовляетъ заказы въ продолженіи 2 часовъ.** Иногороднимъ высылается налож. платежомъ **на 35 коп дороже.**

Адресовать:

**Варшава, мастерская штемпелей Великсона Рымарская 3,** (рядомъ съ Государственымъ банкомъ).

Требуются агенты. Каталогъ высылается безплатно.

---

## פאריזער נייעסטע מאדעלע

עמפפעהלט דער בעקאנטע מאגאזין פאן דאמען-מענטעל, וויערזען צו פוטער און קאסטיומען

**ד. בארדאוסקי ווארשא, לעשנא № 9 וואהנ. 4**

אויפס פערלאנג פערפערטיגע אללער ארט בעשטעלונגען אין 24 שטונדען. 147 12—25

---

## דאמפ-דרוקעריי עט ליטאגראפיע

## פון ש. בעלכאטאווסקי אין פיעטרעקוב

איינגעארדענט לויט די נייעסטע סיסטעמע, מיט די שענסטע מאדערנע שריפט און פערצירונגען, נעמט אן צו דרוקען אללערליי ביכער: יודיש, רוסיש, פויליש, דייטש א. ז. וו. אויך די לייכטסטע בעדינגונגען. אויך פערשידענע עטיקעטען, פרייז-קוראנטען, פאבריטשנע ביכלעך, אויך אלערליי אנדערע סארטען דרוק אונד ליטאגראפישע זאכען.

(212) אלעס ווערט פינקטליך און שנעל בעזארגט. 7—50

**Въ Типо-литографію Ш. Белхатовскаго, г. г. Петроковъ.**

---

## דר. מ. גראדזיענסקי

ארדינאדאר אין קליניק פיר

**אינערליכע קראנקהייטען**

אין שפיטאל שוו. דוך 4—10 (220)

נעהמט אן קראנקע ביז האלב 11 פריה און פון האלב 3 ביז 5 נאך מיטאג

**ווארשוי, דזיקא 4 — (נאוואליפקי 6)**

(227) עס ווערדען געזוכט 2—3

**מעדכען צו גאלאנטעריע ארבייט**

דלוגא 21 וו. 18. באלדיגע בעלאהנונג.

יעצט פערטיג פון דרוק

## ספורי ישורון

זעהר אינטערעסאנטע ערצעהלונגען פון תלמוד אין זשארגאן. פרייז 30 קאפ.

(226) צו בעקומען ביי: 5—2

Книжный магазинъ

З. Ш. Сребёрка, Вильна.

פריוואט-אנשטאלט פון קינדערטורין פון ד"ר וואוועלבערג, לעשנא 79, ווארשא נעהמט אן ארעמע קינדער-טורינס אומזאנסט. פיר פערמעגלי-כע בעזונדערע צימער פאר צאהלונג אומזאנסטער אמבולאטאריום פיר פרויען-קראנקהייטען פון 10 ביז 12 פריה. (2—20) 231

## נאך נישט דאגעוועזען!

פעדרעהאלטער מיט 6 יאהריגען קאלענדאר זעהר נוצבאר פיר יעדען וואס האלט נור א פעדער אין האנד, פון וועלכען מען קאן גאנץ דייטליך אין איין מאמענט וויסען יעדען דאטום פון 1902 ביז 1907 יאהר. ערפונדען פון ה. יפה.

די פעדרעהאלטער זענען זעהר שאן, זיי ווערדען ארויס געשיקט פער נאכ-נאמע 6 שטיק פיר 1 רובל פראנקא איבעראל, פיר ווידער-פערקייפער בע-דייטענדער ראבאט. 3—8 224

**В. Тененбаумъ, Варшава,.**

Гусья 27/37.

בבית מסחר הספרים

**י. ראזמאווסקי בברדיטשוב**

ובהמחלקה שלי בווארשא, נאלעווקי 34 אצל א. צייליגנאלד נמכרים כל מיני (217) ספרים במקחים נמוכים. 6 — 50

Зеркальный фабрикантъ

ЮДКА ВЕЙНБЛАТЪ,

Варшава, Слизская 22.

עמפפעהלט אללע סארטען פערטיגע שפיגעל, אויך אללע צודאטין פיר שפיגעל פאבריקאנטען, צו גראססע אונד קליינע פאבריקאציאן. די בעסטע עצות אין די פאבריקאציאנסגעשעפט אנגעלעגענהייט. ביליגסטע פרייזען. (104) 17—25

**НУЖНЫ АГЕНТЫ**

для сбыта издѣлій штемп. фабрикаціи и патент. предметовъ со значительн. прибылью. Первоклассн. производство. Не смѣшивать съ другими мелкими заведеніями. Рефлектанты благовол. указать родъ занятій и др. Каталоги и условія безплатно. Конт. паров. типогр. и фабр. штемп. И. ЗИМАНЪ, г. Бѣлостокъ